ב. דיימאָנדשטיין

לידער פון עלטער — פון עלנט און אומעט

# לידער און דערציילונגען



שטילער געבעט

פאַרלאַג: צפת׳ער „ליטעראַרישע בלעטער"
צפת — 1968 — ישראל

B. DIMONDSTEIN
Collected Poems and Short Stories
Sculptures by the Author

## ווען איך וועל מער ניט זיין

אין אַ בין־השמשות, ווען מיין וועזן וועט ליגן שטיל
און מיין פּאַרמעט פּנים — אומבאַוועגלעך האַרט
וועט מען זאָגן: אַ שאָד — האָט געטומלט אַזוי פיל;
צי גערעכט, צי ניט? אגב, אַ קעמפער געוועזן — שטאַרק!

האָט געשמיסן מיט וואָרט־בייטש און מיט געשריי;
האָט געמאָנט זיין חוב, זיין זכר, וואָס אים קומט!
אין יעדן וואָרט; סיי ליד, סיי פּראָז — געשריגן האָט דער ווייי —
האָט ער אַמאָל געשוויגן; זיין שווייגן האָט געברומט!

אַ פיניקער קוקט צו, זיין טויטער פּנים לאַכט;
זיין פּנים שרייט מיט שטילן ברומען.
עס מאָנט זיין קאַלט געזיכט, ווי ער וואָלט געוואַכט;
ווי ער וואָלט צו אייך גערעדט — מיט לשון שטומען.

אין אַ בין־השמשות, ווען איך וועל מער ניט זיין —
וועט אַ וואָלקן־שוואַרץ — רויט־אויג, טרויערן אין טיפן פּיין!

Literarishe Heftn Publishing
Safat 1968 — Israel

# ווענגן פּאָעזיע און פּאָעטן

פּאָעזיע האָט פיל אַטריבוטן, וואָס האָט, אַחוץ מאָסן און ריטם, — שטאַרקע באַוועגונג, מעטעפאָרישע, פאַרשטעלונג קראַפט, עמאָציע און אַנדערע טערמינען, און אַנדערע קלוגע חכמהדיקע איינפאַלן, וועלכע גיבן אויסדרוק־ליכט און מיט גראַם, זעטיקט דעם געזאַנג פון לשון.

ס׳איז קיין מוז ניט גראַמען אין פּאָעזיע. די נאָבלסטע פּאָעטן פון זייער פאָלק האָבן געזען די ניט נייטיקייט פון גראַמען אין זייערע שורות. זייער געדאַנק, די אידעאָלאָגיע, איז געווען אַזוי הויך, אַז דאָס קלייבן פון ווערטער זאָל קלינגען אַזוי שיין, וואָס גראַמען קאָן ווירקן אויפן לייענער ווי זיי ווילן דאָס מיינען. נאָר פּאָעזיע, זייענדיק די קעניגן אין אייגן רעכט פון זילבן־צאָל אויף איר טראָן, פאַרדינט דאָס צירונג אין דער קרוין וואָס זי טראָגט — גראַמען.

אום כדאי צו ווירקן: פּאָעזיע מוז זיין פאַרשטענדלעך. עס מוז געשריבן ווערן אין דעם לשון פון זייער פאָלק. דער, וואָס רעדט צום האַרץ פון זיין פאָלק, איז דער אמתער פּאָעט. ס׳איז ניטאָ אַ זאַך ווי שלעכטע פּאָעזיע, פאַר דער אורזאַך וואָס עס פעלט;דער עיקר, דער פּאָעט דערגרייכט דעם וויטסטן פונקט פון פּאָעטישע גראַציע.

לאָמיר אָנווייזן עטלעכע שורות צו אילוסטרירן צום פונקט. זאָגט בייראָן:

„זי טרעט אין שיינקייט, ווי די נאַכט
אין אַ וואָלקנלאָזן טייל פון אַן אויסגעשטערנטן הימל
און אַלץ וואָס איז גוט, פון דונקל און קליין
באַגעגנט אין איר בליק, אין אירע אויגן־דרימל.״

פון גלייכער שיינקייט און פשוטקייט איז די ווערטער פון קיטס:

„אַ זאַך פון שיינקייט איז די פרייד פאַר תמיד;
זיין ליבלעכקייט פאַרמערט זיך, עס וועט קיינמאָל
אַוועק אין גאָרניט; נאָר ס׳וועט האַלטן
אַ הייזל גענוג פאַר אונדז און אַ שלאָף
פול מיט חלומות און געזונט,
און אַ שטילן אָטעמען.״

אין לעצטן פאַרצייכנונג; די שיין מעלאָדישע שורות פון שעלי:

„די פאָנטאַנען מישן זיך מיטן טייך
און די טייכן מיטן ים,
די ווינטן אין הימל שטויסן זיך תמיד
מיט אַ זיסער באַוועגונגס־טעם;
קיין זאַך אין דער וועלט איז איינציק;
אַלע זאַכן ביים געזעץ איז הייליק
אין איין גייסט באַגעגנט און מישט זיך:
וואָרום ניט איך מיט דיר מיין גליק?״

ווער וואָלט ניט געווען צופרידן — האָבן געשריבן ווי דער יונגער שעללי האָט געשריבן? ווער קאָן נישט זען די ריינקייט, די שיינקייט, די פשוטקייט, וואָס זעצט זיך איבער ביי זיך אַליין אין אויסשפּרעכלעך די ערהאַבנקייט פון מענטשלעכע געפילן? אין די דאָזיקע שורות געפינען מיר פּראַכט פון פּאָעזיע.

דער אַריסטאָקראַט פון זילבן־מאָס, צו וועלכער איז צוגערעכנט די רואיקע פראַכט פון צוריקהאַלטונג.

דאָ איז פאַראַן פּאָעזיע אין וועלכער עמאָציע האָט די גאַנצע מאַכט, רירעוודיקייט, — אויפברויז! ווי דאַנטע טוט אויסשרייען:

„ס׳איז ניטאָ קיין גרעסערע שמערץ,
ווי די ליידן צו דערמאָנען דעם גליק
וואָס האָט אונדז פאַרגעניגן געגעבן.״

אָדער די שרעקלעכע אָנקלאַגע פון געטהע:

„ווער קיינמאָל אומעטיק וויינט ניט, עסט זיין ברויט;
ווער קיין מאָל, פאַרגיסט ניט טרערן אין אַ גאַס־רעגן,
זיצט נאַכטלעך פאַרדאגה׳ט, שלאָפלאָז אויף זיין בעט,
ער דערקענט דיך ניט, יאָ, הימלשע מאַכט.״

פּאָעטן פון קלענערע וואָרט־סקולפּטורן, מעג, און אָפטער טאָן, שרייבן ליכטיקער, שיינענדיקער, נאָר זיינען זעלטן עמאָציאָנעל איינדרוקפול. נעמט, צום ביישפּיל„ עדוואַרד מאַרקהיים, וואָס האָט געשריבן:

„אויב סע רירט אָן די האַרץ פון אַ פּאָעט,
די געטער און די צייטן וועלן דאָס וויסן לאָזן,
און איבער די ים׳ען און די שטיין־בערג פון צייט
די ווינטן פון דער וועלט וועט עס צעבלאָזן.״

דאָ איז ניטאָ קיין ספק, אַז די קלאַנגען פון די שורות דערגרייכן צו דער געהויבענער פאָרשטעלונג; נאָר זייער ווערט וואָלט געווען פיל גרעסער, וואָלטן זיי ניט געווען פאַרמישט מיט עמאָציע. פאַרגלייכט זיי מיט די דאָזיקע שורות פון בייראָן׳ס „טרערן״:

„ווען פריינטשאַפט אָדער ליבע
אונדזער מיטגעפילן קלייבן זיך אַריין,
ווען אמת אין די בליקן זאָל דערשיינען,
די ליפּן מעגן באַטריגן
מיט אַ חן־גריבעלע, אָדער שמייכל,
נאָר די פּראָבע פון ליבע — אַ טרער.
יאָ, פריינט פון מיין האַרץ,
בעפאָר פון דיר איך נעם אָפּשייד,
די האָפענונג צו מיין האַרץ איז צו מיר נאָענטער,
מעגן מיר זיך טרעפן ווי מיר שיידן זיך מיט — אַ טרער.״

דאָ איז שיינקייט און פּשוטקייט, וואָס מאַכט פּאָעזיע גלייכאַרטיקייט. און ס׳איז אמת גוט פאַר דאָס פאָלק, וואָס פּאָעזיע האָט אויסדריקלעך געטאָן פאַר דער מענטשהייט. אַלע נאַציאָנען האָבן זיך דערהייבן אין און קולטור האָבן אַנטוויקלט זייערע אייגענע ליטעראַטורן און זייערע אייגענע זינגערס.

דוד המלך איז געווען אַ זינגער, וועמענס פּאָעזיע האָט אויסגעהאַלטן מיט זיין גייסטיקע אויפהייבונג צו זיין טאָג.

האָמער, דער בלינדער פּאָעט, דעקלאַמירט זיינע עמאָציעס אין זיין „אילאַדאַ״ און „אָדיסי״.

## תקומת מדינת ישראל

(תרגום מאנגלית מן הספר „יאָקל המלמד" ע"י ירוי, תל־אביב)

בחזוני צופה אני, במרחקי ים התיכון, שם שוכנת מדינת ישראל.
עליה חלמו אחי, התגעגעו במעמקי נפשם, אלפיים שנה, נאנחו ובכו.
הארץ הברוכה, בה התהלכו הנביאים והורו את דרך החיים הנכונה.
הזהירו מעשות רשע, ב„חזון חושך", על נפילתה והורבנה של ציון.
ארץ הירדן, מעולפת אלפי ריחות בושם;
שבח לאל עליון לבי שר, וחרדת גיל בקולי.
כמה קסם במלים הפשוטות: „שלי אַת..." אכן, שלי אַת;
ארצי, מה קלה היא אדמתך, ומה מתוק הלחם מזריעתי;
זעיר ממך עולה אל־על, משפל לגבהים תרום.
אנו היהודים מבין העמים התעלינו, ישרי לב ובני חורין!
ליונק, חלב־אםּ מכל תערב;
כן, מתוקים ביותר הענבים שמגפנו בוצר.
בכוח חלוצי ועם נשק, בני עמי במערכה נגד מדכאיהם,
בחריצות, נכשו האדמה העזובה, מסלעים וטרשים.
בחורים ובחורות ייבשו ביצות, קני קדחת ומגפות.
יישרו, הכינו שטח, שם, „עצמות יבשות", אולי, לתחיה יקומו...
מקום שם מות־קדחת שלט, — עתה, שדות ירוקים, עדרים ירעו;
שם עתה צאן גואה ועזים פזיזים ירקדו, ירבצו סביב יוצאי חלציהן, יתנכום.
זקן ועולל יטו שכמם, להסב בחזרה גלגל־המזלות.
מהם אחרי המחרטה ינועו; מהם, אחרי תורן האניה.
אכן, רק פנה, פס צר בלבד... אבל ערבה, כי, „שלי היא..."
מקום מנוחה ל„הלך" העייף, מטת מנוחה ליגע;
שמים־רקיע ליהודי הנודד, סוף סוף, על אדמת יה.
לבנות, לשתול וליצור, לקיים חמימות בלבבם.
שאיפות עתיקות, להשביע רצונם, חזון עתיק יומין, שיתקיים.
שארית ישראל, בכל התפוצות הפזורים, ישובו לבנות ארצם.

---

האָריס, דער רוימער, זאָגט דאָרטן אין זיינע אָדעס. פּושקין, דער רוס, חלומט אין זיין „געפאַנגענער (פּריזאָנער) פון די קאַקוסעס".

מינקעוויטש, דער נאָבעלער ליריקער־פּאָעט פון פּוילן, וואָס פּוילן האָט פּראָדוצירט, זינגט זיין גאָלדן ליר, אַקעגן זיין זילבער־טאָן פון לירישער שיינקייט.

געטהע און היינע זינגען פון פאַרפאָלגונגען מיט זייערע מעלאָדיעס.

רעאובין דאריא, דער לעטן־אַמעריקאַנער זינגער בליצט אין זיין „סאַבלימינאַל־עקסעביציע" — אַ ירושה פון זיין פאָלק.

גאַבריעלאַ מיסטראל, די טשילענישע קעניגין פון ליד, לייסט דאָס שיין און ריין, איידל באַאַרבעטונג פון זעלטענע און פראַכטפולן געשטאַלט.

אין די פאַראייניקטע שטאַטן און פון נאָרד־אַמעריקע דענק איך פון עדגאַר עלען פּאָ און וואָלט וויטמאַן, — די צוויי ריזן זינגען די פעסטונג פון זילבן און ריטם.

הה כמה נעים להסתכל בפרחי הדגן, בשלים, גבוהים.
בונים אנו, על יסוד עתיק — חזק; על צדק והגיון;
ציון העתיקה להחיותה, לבנות את עברה המפואר.
מאז, דוד מלכנו, היה שר שיריו השמימיים, בלווי נבל וכנור.
והמלך שלמה את אמרות חכמתו, שאין מי שישווה להם בתפארתם.
לתקופת הפריחה של בית ישראל, והתמדתם בלימוד תורתם השנונה.
שנדמתה למעיין מים הים השוטף למרחקים, כמימי הנילוס, באז אלפי שנים.
בני הנוער של עמנו, שומרי החומות, — כמו קיר מגן,
על ארצם להגן; מולדתם לבנות, בארץ שבותם.
כי שודדי ים לא יעיזו לחדור אליה, ושוד לא ייראה בה.
להתנגד לאלימות להשמיד כל שוסיהם.
שלי הוא מעוני, שלי רכבי; את בגדי ידי תופרות.
נעלי, בעצמי אתקין; האדמה בעצמי אחרוש, והגרעינים בעצמו אזרע.
צופרי בית החרושת הם שלנו; השופר תוקע לחרות.
לעורר ל„תחיית המתים״ את האומה, שכל עמי העולם ידעו;
נלחמים אנו בעד חיינו, בעד החופש, בעד לחם חוקנו, נגד עוול והתערבות זרים.
בעד מולדת, בעד חרות ואחווה, כזו, שהנוער שלנו יתן אמון בה...
את נס דגלנו פרשנו גבוה, סיסמתנו — תכלת־לבן.
שמובנם, יחסים אנושיים, אחווה לכל, לכל שטוב ואמיתי.
אנו מכריזים ומברכים בדמעות־גיל, את החק האלהי — מעל לכל,
בעד חיים, בעד מולדת, בעד חרות, בעד רקיע תכלת מעלינו, לחיות בשקט.
דרכנו עלי אדמות, נכונה, המצפן בכוון למטרה נעלה.
לחיות בתפארת האדם... בנקודה הקדושה — הנשמה.
מטרתנו — חזונו הנעלה של ישעיהו, מובנו ותכנו עבור האנושות.
כי לכל האומות בעולם, תאיר חכמת נביאינו...

## אויפן טויט פון דוד פינסקי — מיין פריינט און לערער

(עלעגע סאָנעט)

אומזיסט איז פאַר מיר דער שמייכלענדער מאָרגן שיין,
די ראָז־רויטע זון גע׳גנבעט האָט דעם גאָלדן פייער,
די פויגל אומזיסט מיט זייער צערטלעך שמועס זיך באַטייליקן,
די פעלדער קריגן צוריק זייער גרינעם פוץ־ — אַ נייער.
די אויגן, אוי ווי! פאַר אַנדערע צייטן קלאָגן;
פאַר אַן אַנדער צוועק די אויגן פאַרלאַנגען.
מיין אומעט, ליידן, צוגייט, נאָר ניט מיין האַרץ;
און מיין ברוסט די ניט פולע פרייד איז פאַרגאַנגען.
דאָך דער מאָרגן שמייכלט, די פאַרהאָוועטע מענטשהייט היילן
און זיי געבאָרן. פאַרגעניגן — ברענגט צו גליקלעכע מענטשן,
די פעלדער צו אַלע, וואָס ווילן אַנערקענונג טראָגן:
דערוואַרעמען זייער ביסל ליבע, די פויגל באַקלאָגן.
אַ פאַרלאָרענער מאָרגן פאַר אים, וואָס וועט ניט הערן —
איך קלאָג נאָך אים און די אַלע פריידן קאָן איך ניט פאַרטראָגן...

## ווי אַ חלום

איך האָב געחלומט
און זיך פאַרחלומט
אין אַ חלום
און אַזוי געחלומט,
אין מיין חלום,
ביז מיין חלום איז אויסגערונען —
ווי אַ כלום...

## אַ ליד

ווען קיינער זעט ניט
די ברענענדע טרערן — אַן אומפאַרבעטענער קוואַל
פון געדאַנקען, וואָס ווען אין סוף געפינען רו.

ווען קיינער זעט ניט
סעקרעטן — צייטנווייז — מיר ריידן צו זיך אַליין.
ווען נאָענט איז קיינער מיט רחמנותדיקע בליקן
און ווי ניט אונדז — ס׳זאָל ניט שטעלן צופרידן;
ווי וואָראַנעס שקריטשען — די ביינער פון טייפלס־טאָן —
נאָך מיט שוים באַטעמט אַזוי — מעג קוואַלן
אונטער די ביימער.

אין עטלעכע שפּראָצונגען אויפן וועג צושפּרייטן זיך —
עטלעכע שטיקלעך און מער — ברוך — שפּעטער —
טרערן ווען ברענגען —
ווען קיינער זעט ניט.

## וואָס איז אמת

וואָס איז אמת צו מיר, איז פאַלש צו דיר.
דו זעסט מיין אמת — ווי פאַלש, ווי פאַרטויבן;
יעדער פון אונדז האָט אַן אַנדער אַספּעקט —
יעדער איז שטאַרק אין זיין גלויבן.

דאָך ביסטו גוט, בראַוו און איידל.
גייסט מיט ווירדע דיין וועג.
און אין דיין גלויבן, ווייזט אויס, געפינסטו
אמתן מוט פאַר דיינע טעג.

וואָס איך האַלט, איז ריכטיק — האַלט איך.
כ׳וויל מיט מיין באַוויוז־כוח, אין דעם געווינען;

דאָך איז דיר פאַלש מיין קאַלקולאַציע;
אין דיינעם וועל איך ניט געפינען.

יעדער פון אונדז האָט אַן אַנדער אַספּעקט;
ביי דעם מיר דערהויבן זיך אין שטראַלן.
וואָס איז אמת צו מיר, איז פאַלש צו דיר —
דאָך איז פאַראַן פאַרוואָס צו שאַלן...

אונדזער לעבן איז פאַרשטאַנד — אין אונדזער טאָן.
נאָר דאָס אמת איז רוען.
צי ס׳איז פאַלש, אָדער אמת, אונדזער גלויבן —
רעכנט זיך, וואָס מיר טוען!...

## פאַר פרייהייט

ווען „פרייהייט" באַקליידט זיך אין בלוט־באַפלעקטן בגד,
צו יעדן העלד איר מלחמה־ליד זינגט.
איבער איר קאָפּ ווילדע בלומען זיינען צעשפּרייט —
אַ בלוטיקער שווערד־קלינגל בלאַנקט און ווינקט;
זי טאַנצט — אויפן קאָפּ זי שטייט,
און הערט די שטימע פון טויט.

בלייכע אויגן מיט שרעק, זיין האַרץ, זילבער־טומאַן.
אומזיסט באַפאַלט איר ברוסט מיט אַ ציטער.
זי הערט, אומבאַוועגט, די קרעכץ־שטימע פון וויי,
און אומעטיק די נאַכט־איילע זיך טרייסלט בייז און ביטער.
זי טרייסלט איר באַוואָפנטע שפּיז,
און הויך זי הויבט די שילד;
אירע זעלנער דערשיינען
און לאָזן צום קאַמף זיך ווילד!...

מעכטיק, מיט קאָפּ אַרויף צום הימל.
זיין קינזשאַל — אַ זונשטראַל, און זיין פּאַנצער — אַ שטערנשטראַל.
ענדלעך צוויי פלאַמענדיקע מיטיאָרן דרייען זיינע אויגן,
שטעמפּט מיט זיינע אייזן־פיס, און רופט צו מלחמה־קנאַל.
זי זיצט אויפן באַרג,
זי קניט בעפאָר זיין שפּיז,
זי שטייט אויפן באַרג —
וויגנדיק זיך, אַליין, ווי אַ ריז!

## ווען מלאכיםריידן

טעמפּע נשמה, וואַך אויף!
דו ביסט ניט ערד, הויב זיך אויף!
הימל האָט געגעבן אַ פונק, צוריקברענגען דאָס פייער אויף.

זאָל עבירות קיינמאָל לעשן
דעם הויפּטצעפלאַמטן גייסט פון צעהיצטע אַשן;
די ערד, די היץ צום הימל פון פלאַם אויסצוואַשן.

האָב פאַרגעניגן! האָב פאַרגעניגן!
דריי אויס, דריי אויס יעדן טייל, אַ שטימע זאָל וויגן;
ווייל די האַרץ־סטרונעס ברענגען אים דעם גאַנצן פאַרגעניגן.

דאָס הויז איז אויסגעקערט,
ווו בושות האָט שמוץ לאַנג פאַרקערט;
די מטבעות געפונענע פאַר וועלכע די פאַרלירער האָבן
געוויינט,

און אַרויסגעוואָרפן מיט טרערן,
גאָטס געשטאַלט דערשיינט און עס פאַרמאָגט
די מטבע, די שריפט, וועמעס געשטאַלט דאָס טראָגט.

דער שעפּס איז לאַנג פאַרלוירן.
עבירות ווילדע אָפטן גיין דורך אומגעשוירן,
זשאַלעוועט ניט מי צו געווינען, זיך אומצוקערן.

דער דאָזיקער הימל, אייגענער מאַנטל;
הער צו ווי עס צעטיילט דיך אויך — פרום,
ווען מלאכים דאַרפן ריידן — זאָל מענטש זיין שטום!...

## מיין ליד האָט געוויטערט

כ׳האָב מיין אויג באַצויגן מיט שטראַלן פון דער זון
און ליכטיקע קלאַנגען שיינט אויף;
טענער האָב איך גענומען פון שטורעם און דונער,
פאַרבן פון רעגנבויגן — רייף.

זילבן האָב איך גענומען פון טראָט פון אַ קינד,
ריטם פון אַ בילד־שיינער מיידל
און אַלעס פון דאָס, אַ סימפאָניע אויסגעפלאָכטן —
מיין ליד האָט געקלונגען אַזוי ריטמיש און איידל.

## האָב ניט געוויינט

(אין אָנדענק פון מיין פריינט ל. בערקאָוויטש)

האָב ניט געוויינט צו זען אים טויט,
ווייל תמיד זיין פנים מיט אַ שמייכלקייט,
אַ ריינקייט פון געהויבנקייט האָט זיך געשפּרייט;
עפּעס אַ באַרירטקייט פון הימלשע הייליקייט.
און כאָטש מיין געשטאַלט האָט אים ניט געזען,
האָב זיך פאָרגעשטעלט — דאָס ער האָט געוווּסט
און גערעדט צו מיר; דאָס איך בין דאָרט געווען —
דעם וועג, ווי ער פלעגט תמיד טאָן — געמוזט.

ס׳האָט מיר געדוכט, האָב אים געהערט זאָגן:
ווער ס׳האָט געקעמפט — לאַנג און מיט ליידן:
אַ נס איז געשען היינט — ס׳ווילט זיך קלאָגן;
איך קאָן ווידער ריידן!
און איך בין געזונט און איך בין שטאַרק
און צופרידן בין איך היינט.
און דער יאָך, וואָס געטראָגן האָב ווי אַ באַרג —
איז אַוועק — ווי אַ פיינט.

און שטייענדיק אין דעם דאָזיקן פינצטערן אָרט
זיין שמייכל פון לאַנג־צוריק מיט וויי —
וועלכן גאָט האָט איבערגעלאָזט, זיין קלוגן וואָרט,
ווי ער וואָלט מיר געזאָגט: ס׳איז בעסער אַזוי!...

## צו שיינע וויזיאָנען

שיינע טעג האָב פאַרלאָרן הינטער מיר,
האָבן בענקעניש אין מיר געלאָזן.
קלאָרע וואָלקנס איינגעהילט אין רויזן —
אַן אָנדענק־סטעשקע ביי מיין טיר.
כ׳טראָג זי אין זכרון — לאַנג שוין לאַנג!...
באַרג אַרונטער געבאָדן זיך אין טייך;
ס׳האָט געטראָגן אַרונטער גיך דער גאַנג,
אַ שמאָלע סטעשקע אויסגעטראָטן גלייך.

ס׳האָט דער גליק קיין מאָל מיר ניט געפונען.
געטריבן מיין וועג — זיגזאַגיש געשפּינען
אין חלומות תמיד געשוווּמען
און מיינע שיינע וויזיאָנען איז קיין מאָל געקומען.

## איך וועל זיך לאָזן

איך וועל זיך לאָזן אין ווייטע לענדער,
ווו די זון שיינט אַ קיילעך יאָר;
ווו דיין מי ווערט ניט פאַרשווענדעט,
ווו בלאָ איז דער הימל תמיד — קלאָר.

וואָס קריכן אין קאָפּ מיר געדאַנקען?
וואָס זיינען פון לאַנג שוין אַוועק.
זיי מאָנען, זיי גיבן קיין רו ניט —
דערמאָנען פון פינצטערע טעג...

דורך נעכט זיי לאָזן ניט שלאָפן.
זיי מאַכן שווער מיר מיין יאָך.
דער הימל פאַרפּעלצט איז מיט וואָלקנס;
ווי קאָן מען פאַרגעסן אַלץ נאָך?...

עס וועט מיך נאָך טרייבן פון זינען,
אויב כ'שטעל זיך ניט קרעפּטיק אַקעגן.
איך וועל לאָזן אַלעס פון הינטן,
זיך לאָזן אויף זוניקע וועגן.

עס פלעקן געדאַנקען אין מוח.
דעם בלוט־פּייער איז שווער אויסצולעשן:
עס פעלט מיר דער זיגרייכער כוח —
צו קענען היטלער־תקופה פאַרגעסן!...

## מיט זיי פריינטשאַפט וויל ניט באַנייען

דאַנק גאָט דיר פאַר פריילעכע מענטשן —
העפלעכע, וואָס תמיד זאָגן וויצן, —
תמיד דיך באַגעגענען מיט אַ ווונק —
ווען זיי קומען אַריין מיט דיר — זיצן.

אַזוינע מענטשן, וואָס דו גלויבסט,
ווי דו, אַזוי זאָגן זיי תמיד „אַ דאַנק". —
אַזוי איך אויך, פאַר אַלע ניט שטופּערס,
פיל איך אַזוי, ווי צו געבן — אַ געשאַנק.

ווען איך הער טומלער און גרילצער,
שטופּן און וויינען, באַקלאָגן און שרייען;
עפּעס זאָגט מיר, דאָרטן זע איך, —
מיט אַזעלכע פריינטשאַפט ווילט זיך ניט באַנייען.

## פאָרשטעלונג

היינגט און לעשט זיך אויס די ווייסע הערבסט־לבנה.
די סאָווע וועקט די שטילקייט דאָ,
וואָס האָט סיגנאַליזירט פון אַלטן דעמב
און ווידער געקראַקעט אַ גאַנצע שעה.

פון וואַלד האָט געוואָרפן אַ מיסטישע ליכט.
דערנאָך ווייכע מוזיק און ריחות פון רויזן;
דער זיסער קלאַנג פון די פויגל —
ווי אַ טעפּיך פון גלאַנציקע גראָזן.

דערנאָך גרופּן־קלאַנגען און הייליקער שושקען —
איידל דריפּענדיקע זיפצן — ווילדע וועלדער —
טרוקן, הייליק, דערנאָך פּונקט אַריבער, —
ריחות אין רוים, שאָטנס העלע.

שיינען לענדער, אונטערטעניקע פון גלויבן;
האָפן, לעבן אויסגעשפּרייט אויף גראָזן.
איינער אויפגעשטאַנען, ווי אַ גייסט איז דורכגעלאָפן.
ס'איז נאָכמיטאָגצייט פון די טרויבן — ווײַן איז געפלאָסן.

פון דעם האָב איך פאַרגעניגן געפילט,
ביז נאָך אַמאָל די פאָרשטעלונג איז געקומען.
דער זיפץ, וואָס הערבסט מעלאַנכאָלישקייט ברענגט —
האָט אַ שטילער אומעט מיר אַדורכגענומען.

## רות און נעמי

רייד מיר ניט צו צו פאַרלאָזן דיך,
אָדער זיך אומקערן פון נאָכגיין דיר;
ווייל, ווו דו גייסט,
וועל איך גיין;
ווו דו וועסט שלאָפן,
וועל איך שלאָפן.
דיין פאָלק זאָל זיין מיין פאָלק,
און דיין גאָט — מיין גאָט.
ווו דו וועסט שטאַרבן, וועל איך שטאַרבן
און דאָרטן וועל איך באַגראָבן ווערן.

גאָט, טו דאָס מיר, און מער אויך —
נאָר דער טויט צעטיילט דיך פון מיר.
(בוך רות, ערשטער קאַפּיטל)

## ס׳דאָ אַ ליד

ס׳איז דאָ אַ ליד, וואָס האָט ניט קיין ווערטער.
ס׳איז דאָ אַ ליד, וואָס אַ טויבער קאָן הערן.
ס׳איז דאָ אַ שיין, וואָס אַ בלינדער קאָן זען.
ס׳איז דאָ אַ ווייטיק, וואָס קאָן אים הײלן נאָר טרערן.

ס׳איז דאָ אַ ליבע, וואָס איז שיין ווי אַ חלום.
ס׳איז דאָ אַ וואָרט, וואָס גרינגערט דעם אָטעם,
און אַ ליד, וואָס האָט אַ קלוג וואָרט איינגעפלאָכטן.
דאָס וואָרט דעם דיכטער, געגעבן — האָט גאָט אים.



רות און נעמי

## האָב גלויבן

אָן מורא גיי האָב גלויבן;
אויב דיין גלויבן איז אין דיר,
וועסטו זיך דערהייבן
צו דער העכסטער אויבן,
צום הימלס זיבנטע טיר.

בעט ניט קיין נדבות;
זוך קיין קרישקעש אונטער טישן.
וועסט געפינען נאָר רשעות,
מאַך נאָר נישט קיין טעות —
זיי האָבן קיין געווויסן!

גיי אָן מורא קעגן וואָלקנס שוואַרצע —
אויב דו ווייסט, דו ביסט גערעכט?
דורכברעכן וועסטו דיין וועג,
מעג ווי שווער זיין דיין געפעכט;
מעג דונערן און בליצן — מעג.

מיטביידע הענט האַלט דיין גלויבן;
האַלט דעם אמת ביי דיין זייט.
וועט שוין קיינער דיך באַרויבן;
וואָס אינעווייניק — זעט קיינער אויבן!
גרייכסטו בלויען הימל — מעג זיין ווי ווייט!...

## דער וואַסער-שטראָם

איך רייס דורך שפּאַלטן, דורך פעלזן, גראַניט
און מאַך מיר פּלוצים אַ דורכגאַנג, אַ וועג.
און קריסטל זיך דורך, דורך וואָרצלען און שטיין
און אַרונטער מיט שטורעם, דורך נעכט און דורך טעג.

אַ דרייסיק בערג אַרונטער זיך קייקל
און שלעפּ מיט די טייכלעך — די קליינע:
ביי צוואַנציק קילאָמעטער איז אַ שטעטל געווען —
פּאַרוויסט האָב די בריקן — איינע נאָך איינע.

ביים סוף פון פישער־דאָרף, שווים איך אַדורך;
זוך זיך פּאַראייניקן מיט די ברעגן פון ים:
מענטשן מעגן קומען און מענטשן מעגן גיין —
נאָר איך גיי פאַר אייביק, מיך האַלט ניט קיין צאַם.

## איך קאָן ניט

איך קאָן קיין שטילע לידער דיכטן,
אין מיר שטורעמט לאַווע אַ ווולקאַן.
הימל, תמיד, מיט וואָלקן־געוויכטן,
קאָפּ געבויגן — שפּאַן און שפּאַן.

שלאָפלאָזע נעכט — חלומות שרעקן.
שלעכטס נאָר שלייכן פאַר די אויגן.
שטיל־איין גאָט — אומרעכט זאָל ניט וועקן —
ווייגט מיין האַרץ ביז זיך שלאָפן לייגן.

גיב רו; ווו זאָל איך זיך פאַררוקן?
זע נאָר אומרעכט מענטשן זייען.
זוך אַ ווינקל, ניט הערן, ניט קוקן! —
קאָרטשע זיך אין מיינע ווייען.

שליס די אויגן, פאַרשטאָפּ די אויערן.
איך זע און הער להכעיס;
בענטש מיר גאָט כ׳זאָל ניט טרויערן, —
קיינע קללות, נאָר שטילע ברכות.

פאַרשאָלטן האָסט מיך דאָ אויף דער ערד:
לעב דיימאַנדשטיין — ליידן איז דיר באַשערט...

## אונדזער מאַי

מאַי!... פון גרינע בוימער שיט אַ שניי,
אונטער בוים די ווייסע בליטן:
אָט אַזוי, מיין ליבסטע, אָט אַזוי —
האָט אונדזער לעבן זיך געביטן.

איצט שיט אַ שניי — אויף הוילע ביימער,
בלאָ דער פראָסט — עס שנייט!
אָפּצוהאַלטן קאָן אים קיינער:
אונדזער מאַי, שטייט הינטן ווייט!...

## אַ פייערדיקע האַנט

היינט, גאַנצפרי, האָט אויפגעציטערט, שמחה, אין מיין האַרץ
און ווי זעלטן ליכט האָט פאַרבלענט די אויגן;
איך האָב געוווסט, דאָס איז אַ צייכן פון הימל,
אין לענטעס ליכט האָט הימל זיך פאַרצויגן.

בין אין גאַס אַרויס, אין פעלד, אַוועקגעשפּאַצירט.
מיט תאווה צום הימל זיך פאַרקוקט —
און אַקעגן מיר האָט אַ פייערדיקע האַנט —
די זאַנפטע זאַנגען אויסגעברענט — פאַרצוקט!...

## און דער מענטש וועט אַמאָל

נאַכט — דער שאָטן פון ליכט,
לעבן, איז דער שאָטן פון טויט.
דו דערקאָנסט עס אין יעדן געזיכט;
דו דערקאָנסט, אין יעדן ווו ער שטייט.

געדענק — קונסט פאַלט ניט פון הימל
און משוגעת שטייט אויף פון גיהנום.
פאַנטאַזיעס קומען אין דרימל —
קיין שטראָף קומט ניט בחנם.

אין הויז פון טויט און פון געבורט --
מיט לעבן פון פריער און דערנאָך.
די וועלט איז אַזוי אַרומגעגורט
פון דאגה און שווערן יאָך.

און טויט איז אונטן און פון אויבן,
און ליבע, איז אַ דורכגאַנג פאַר פאַרגעניגן.
און דער מענטש וועט אַמאָל זיך דערהויבן,
און וועט אַלע שוועריקייטן באַזיגן...

## צוויי לידער

1

תמיד איך זוך און טראַכט און וועב
און זילבן ציילן מיינע פינגער:
גלייכע פערזן, גלייכע זילבן,
וועלן שענער קלינגען.

לאַנגע שורות — האָט מער דענקען;
קורצע שורות, קלינגען שענער.
גליקלעך איז דער דיכטער יענער,
וואָס מיט ביידע איז באַשאָנקען.

2

נאַכט פאַרן דיכטער, איז וויכטיקער פון טאָג,
וואָס געשען פון טאָג, גייט דורך פאַר די אויגן.
אַן אוצר פאַרן געדאַנק, אַ שפּייכלער פאַרמאָג —
גאָלדענע פעדים, וואָס לאָזן זיך בייגן.

עס וועבט זיך דער פאָדים, ער האַלט זיי געבונדן
און זילבן און פערזן וועבן אויס סטראָפן;
די גאָלדענע פעדים אין שיין ווערט צעצונדן —
צו פרידן דער דיכטער ווערט איינגעשלאָפן...

## אַ געמיינדע מוז האָבן אַ ראש

פליכטן ליגן אויף יעדן פאָלק
און אויף יעדן יחיד.
אַ געמיינדע, וואָס האָט ניט קיין טאָלק,
איז געגליכן צו אַן אחד.

אַ געמיינדע מוז באַזיצן אַ ראש,
אַזוי ווי אַ הויז מוז האָבן אַ דאַך.
און ווייסט איר פאַרוואָס ץ —
ווייל שאָף מוז האָבן אַ פאַסטוך!...

איך האָב אַריינגעחלומט, אין אַ זוניקן טאָג
אַ חלום פול מיט צויבער —
און ווו איך גיי דעם חלום טראָג
און היט אים, ווי אַן אוצר פון רויבער.

## איצט ווען איך בין אַלט

עס בעטן זיך די ווערטער אין מיין ליד:
דו ביסט דאָך שוין קיין יונגער, יונגער ייד,
עס איז שוין צייט זאָלסט רואיק זינגען.
גענוג געקאָכט, געשטורעמט האָסטו לאַנג,
צופיל געשריי פאַרטומלט דיין געזאַנג,
כאָטש וויי־געשריי אין זיי הערט מען קלינגען.

ווערטער יידישע, טייערע איר מיינע,
פאַר וועמען זאָל איך אויסרעדן מיין טענה:
וואָס געטאָן, ווו געגאַנגען — נישט געלונגען;
פאַר אַ פיצל גליק, שווער האָב זיך געדונגען.
און שטילע ווערטער האָב איך ניט געפונען —
קיין ברעקל פרייד — האָט לעבן מיר פאַרגונען.

איצט, ווען איך בין אַלט און ס׳רעדט זיך שטיל.
דער מוח — אין מוח פעלן ווערטער פיל.
און ביז איך געפין — ווערט געשריי צערונען...
כ׳מוז דעם וויי אין זיך דערשטיקן; כאָטש ס׳טוט וויי;
מיט אַ קרעכץ, מיט אַ זיפץ, לעב איך אָט אַזוי —
דאָס לעבן האָט גליק מיר ניט פאַרגונען...

## צופרידנקייט

„זאָג ניט, אַז אַלץ איז פאַרלאָרן",
„זאָג ניט, אַז אַלץ איז אַוועק."
ס'וועלן קומען ווידער נאָך יאָרן,
וואָס וועלן פאַרדעקן דעם פלעק...

יאָר נאָך יאָר קומט פרילינג אַ נייער;
נאָכן פרילינג זומער שיינט אויף —
פון לעבן איז זומער מיר טייער,
פון אַלע פיר סעזאָנען אין לויף.

די עלטער האָט אויכעט אַ שיינקייט,
אַזוי ווי אַ בוים אין דער מיט.
אַרום מיט יונגע צווייגן, מיט חן'קייט —
מיט פאַרבן פאַרשידן צובליט.

קינדער„ איינילקלעך; יינגעלעך, מיידעלעך —
און דו ביסט אַליין זייער שטאַם...
שפרינגען אַרום, ווי די פייגעלעך —
אַ צופרידנקייט גייט דורך מיט אַ פלאַם!

## זיי רואיק האַרץ

ס'האָט זיך צעזונגען מיט רואיקע טענער:
פלו, פלו, האָבן די וועלכלעך געפייקלט.
לבנה האָט דאָס וואַסער באַזילבערט נאָך שענער,
די שיף האָט זיך געמיטלעך געקייקלט.

„זעסט, מיין האַרץ, זיי רואיק ווי ים;
וועל לענגער אין מיין בוזעם דיך האָבן.
אַ ביישפיל: נעם ים, ער האַלט זיך אין צאַם —
רואיק זיי האַרץ, וועסט מיך יונג ניט באַגראָבן.

1938

## יעדער זוכט זיין מין

איך האָב געטראַכט און געלאַכט:
אַזוי איז דאָס לעבן —
גאָט האָט אַלעס געמאַכט
און יעדער מוז וועבן...
דער בין און די מוראַזשקע,
דער פויגל, דאָס פערד;
אַפילו די מונאַזשקע
פון הימל, ציט איר צו דער ערד...
יעדער זוכט זיין מין,
יעדער וויל זיך פּאָרן.
ער טראַכט ניט, וואָס דער זין?
ער איז פאַר דעם געבאָרן...

## דאָס לעבן האָט

דאָס לעבן האָט פילע דרכים,
וועגן, ווי צייכנס אין האַנט.
נאָר דעם דרך ווייסט קיינער צום גליק.
גייסט און בלאָנדזשעסט און זוכסט
און קומסט צום אַלטן צוריק.

חלומסט פון ליכט־בלויע הימלען;
פעלדער מיט בלומען באַדעקט.
שמעקסט די זאַפטיקע בלומען,
שוועבסט ווי אויף פליגלען אין לופטן,
ווי פון גאָט וואָלסט געטראָגן אַ שליחות.

שוועבסט אין די וואָלקנס פון זילבער
און זוכסט פון די בלויקייט אַרויס,
וואָס איז די שליחות איז פרעמד דיר?
דו דאַרפסט זי אויסוועבן אַליין —
דו אַליין דאַרפסט געפינען די טיר.

דאָס לעבן האָט פילע דרכים.
זוך נאָר די טיר פון דיין גליק.
אויב אין זיך אַ שטימע דו הערסט?
געפינען אַליין דאַרפסט די שליחות —
וועסטו געפינען, וואָס דיר איז באַשערט.

## ס'שטערט מיין רו

כ'טראָג אַ סוד, וואָס כ'האָב פאַרגעסן.
דער עול האָט מיך שווער אויסגעמאַטערט.
כ'געדענק אַפילו ניט די סיבה, וואָס ס'איז —
אויף וועלכן לייטער כ'האָב געקלעטערט.

די ליכט פאַרשווינדט, נאָר שטערן בליצן.
פאַרלאָרן שטיי איך מיט אַן אָפן מויל.
ס'יאָגט די בענקשאַפט פון ווינט געטריבן
און ס'נעמט מיר דורך מיט אַ גרויל.

די אויגן פינטלען, אַ מאָדנע מידקייט;
שטערן שפרינגען אַ קאַדריל.
דער שלאָף מאַטערט און ס'שטערט מיין רו —
אַ גרילצן פון אַ גריל.



מאַקסים גאָרקי

## געמיינט אַז ער איז אַ ידיד

אָפּט מיט אים — זייט ביי זייט — מאַרשירט;
אַן עטישער מענטש, דאַכט, אַ פיינער!
איך האָב אים באַדינט און באַרימט —
געמיינט, אַז ער איז אַ ידיד מיינער.

ווי אַ ברודער צו אים בין געווען,
זיין האַרטן לעבן זיס געווייקט.
ווי אַ מאַפּע זיינע דרכים געזען —
ער האָט פאַר מיר זיינע דרכים צעלייגט.

אָבער הינטער מיר מיט ווערים רייד,
מיט לשון־הרע מיך געשוויינגט.
און איך — אומשולדיקערהייט, —
אַז ער איז מיין פריינט האָב געמיינט.

## צו אַ פריינט

זאָגסט, ביסט מיר מקנא, מיין רייכטום!
איך זאָג: בין מקנא דיין היים;
האָסט אַ ווייב, וואָס גייט ביי דיין זייט —
איך מיט רייכטום, לעב איינזאַם אַליין.

לעבסט אין איין צימער — איך לעב אין צען.
איז וואָס? זאָג מיין פריינט: ז׳מיר וואַרעם דערפון?
אין דיין צימער דעם אָרעמען, וואַכט ליכטיקע אויגן —
אין מיינע צען — וואַרעמט זעלטן די זון...

דיין טיש האָט קיין טישטעך, נאָר ציכטיק און ריין;
מיין טיש איז באַדעקט מיט טייערן טוך.
דיין ווייב דיך באַדינט און קאָכט צו דיין טעם;
מיין ווייב — נאָר יאַדעס, זידלט און פלוכט!...

דיין ווייב איז צופרידן אין אָרעמען ווינקל,
טראָגט דיר דעם שמייכל, פון פרי ביזן נאַכט;
מיין ווייב האָט קיין שמייכל, זי וואַרפט נאָר מיט וואָלקן —
מיין אַלץ האָט קיין ווערדע, באַשפּאָט און באַלאַכט.

טאָ זיי ניט מקנא — איך האָב גהינום!
זי האָט נאָך די קינדער געפורעמט איר וועג.
דיין היים איז אָרעם; דיין בעט איז קיין ווייכע? —
איך וואָלט זיך געביטן מיט דיר — דיינע טעג!

1935

## הערבסט-בלעטער

פאַרביטערט איז ער געגאַנגען פאַמעלעך. ער, געגאַנגען פאָראויס.
די אַנדערע זיינען געלאָפן, מיט פלאַטערדיקע מאַנטלען ווייס.
ער האָט געפויזט, נאָכגעקוקט די טייכלעך ברעגן,
ווי די בייכן־בוימער אין זייער אויסקוק גלייזט.
פאַרביטערט איז ער געווען, האָט געוווסט — אָדער געחלומט,
אַז ער ווייס, --

קיין האָפענונג זאָל ניט רוען איבער אַ האַרץ, אַזוי יונג:
אַ מיידל, אַ קינד, אַ פלאַטערל, וואָס האָט געפילט
תמיד פריילעך, טאַנצנדיק, זינגענדיק אונטערן צונג,
איר שטימע ווי מוזיק וואָלט געשפילט.

נאָר דאָרטן איז חכמה: ווי די הירשן
דערזעט די בלעטער, אַזוי אומשולדיק צו שפילן
הערט אַ געחלשטן זיפץ, די פאַלנדע בלעטער פון ווײ, —
הערט און גייט נעאונטער, מיט מאָדנע געפילן...

## צו שלעכט טאָן אַ חבר דיר ווערטער

עס טראָגט מיין געוויסן אַ פאַנצער
מיט שטאָלענעם ווילן מיין גאַנג.
האַק אויס מיינע לוחישע ווערטער —
ווערט הייליק, שאַרף מיין געזאַנג.

הילכט אָפּ מיין וואָרט מיט אַן עכאָ.
בריטווע־שאַרף איז דער שווערד.
אָ, גאָט! וואָלט ניט בעסער געווען
איך זאָל אַקערן און זייען די ערד?

דער לויטער געדאַנק פּאַרלירט זיך,
ווען בייזעס דיין האַרץ פאַרמאָגט;
ווען שווערד האַלט תמיד דיין האַנט
און ביי דיין זייט דער טייוול יאָגט...

דער טייוול רייצט דיר צו שלעכטס
מאַכט דיך אַן אויסוווּרף, אַ מערדער.
זיין ליד איז די שאַרף פון זיין צונג —
צום שלעכט טאָן אַ חבר דיר ווערטער...

## און הער נאָר דעם ווינט קומען

עס יערט אין מיר היינט,
עס גיט מיר קיין רו:
אפשר וועט קומען אַ פריינט
און וועט זאָגן: האַ דו, יו, דו? *

שוין לאַנג קיין פריינט האָט מיר באַזוכט,
שוין לאַנג קיין פריינטלעך האַנט געפילט.
אין געדאַנק, אַ פריינט האָב געזוכט
און מיט מיין בערדל זיך געשפּילט...

פריינט געהאַט אַמאָל אַ סך.
אַלע וועגן האָט געפירט צו מיר.
געפונען אַן אָפּרו אונטער מיין דאַך;
אָפן פאַר יעדן געווען איז מיין טיר.

מאַך צו די אויגן און עפן די טיר,
וואַרט אויפן אורח, וואָס וועט באַלד קומען.
איך האַלט איינגעצויגן דעם אָטעם אין מיר
און הער נאָר דער ווינט קומט מיט אַ ברומען.

## איך וויל לעבן צו זען

אַך, וואָלט איך געוואָלט לעבן לאַנג, לעבן — שפּעט!
ניט ווייל, ניט שיין, געווען מיין לעבן.
ס׳איז תמיד ניט ווייך געווען מיין בעט;
ס׳האָט מיר לעבן קיין בלומען געגעבן...

איך וויל לעבן צו זען, סוף פון דער וועלט,
זען ווי דער מענטש ברענגט זיך אום.
כ׳וואָלט וועלן זען קאַפּיטאַליסט, וואָס קוילעט פאַר געלט,
ווי זיין אָנגערויבטע בלוט וועט אַוועק — בום!...

און אויב וועלט, בלייבט אויף זיין אָרט?
וואָלט וועלן זען, ווי וועט לעבן דער מענטש?
— אַזוי צי אַזוי, ס׳ווילט זיך לעבן פאָרט —
אויב די וועלט וועט פאַרבלייבן — זיי געבענטשט גאָט!

## אַ וואַנדערער ייד

שלום! ווו וואַנדערט אַ ייד?
און האָב אים געגעבן מיין האַנט.
ער פרעגט מיר: צי ווייסט איר אַ לאַנד,
ווו זיכער אַ ייד דאָרטן שפּאַנט?

איך וואַנדער, איך וואַנדער שוין לאַנג,
געבויגן, פאַראַכט און פאַרשטויסט;
פרעמד איז מיר פריילעך געזאַנג —
מען יאָגט דיך, ווו נאָר דו גייסט.

„ס׳איז דאָ־שוין, פאַראַן שוין, דאָס לאַנד —
אונדזער אַלט־לאַנד בליט שוין פון ניי.
גיי, גיי דאָרט — לייג אויך צו אַ האַנט —
העלף בויען און פלאַנצן — זיין פריי...

נו, אייל זיך וואַנדערער ייד,
ווערסט דאָרטן ניט זיין נע־ונד;
פריילעך וועט זינגען דיין ליד
און זיכער וועט גיין דיינע טריט.

וואַרעם איז דאָרטן און גרין איז די ערד,
דער הימל איז בלוי ווי די פאָן;
קינדער, ווי פויגל, זינגען, דו הערסט —
מען בויט און ס׳איז פיל נאָך צו טאָן!...

1950

## אַ רויט פּאַראַכטער פלעמל

דער טרויעריקער אָונט הענגט ווי אַ שווערער פּאַק
און צעוואָלקנט מיין אויסגעטראַכטן בלויען הימל.
און גיט מיר ניט קיין נחת און שרעקט ווי אַ האַק
און צערייסט די שיינע געוועבן פון מיין דרימל...

גאָט! פון מיין טאַטע, מאַמע און פון מיין משפחה;
ווי אַ קנויל האָט זיך געפּאָדעמט צו מיין נשמה;
וואָס האָט אַזוי נאָענט זיך געבונדן מיט ברכה, —
וואָס האָט פון ווייטן מיר געברענגט נחמה.

זייערע פאַרלאָשענע נעמען, ברענען אין מיין זכרון.
די נאַכט־שאָטנס קריכן ווי גנבים.
וואָס איז פון מיין משפחה, גאָט, געוואָרן?
דאָס ביסל רו נעמט צו דאָס טויטער פּנים — אָבי...

עס וויינען מיינע אָפּגעוויינטע שעהן — שטומע;
ווי שאָטנס שלייכן דורך די אויגן פאַרמאַכטע:
שטיל, ווי אין זאָקן תשעה־באב — יידן פרומע —
שוואַך פון פאַסטן מיט פאַרמענעטענע ליפּן פאַרשמאַכטע.

אַ רויט פּאַטראַכטער פלעמל גייט נאָך מיינע געדאַנקען
און צינדט דאָס צעפלאַטערטע זינלאָזע עיניים,
און לויפן, און טומלען, און שיסן ווי טאַנקען —
ביטער, נקמהדיק, ריפּן ווי זעגן די שניים.

## די ערשטע פרילינג-נעכט

היינט איז די זון אַרויס אויף בלויען הימל —
נאָך לאַנגע טעג פון שווערן רעגן.
די זון האָט ערד איינגעצויגן — ביזן שימל
און גרינס האָט אויפגעשפּראָצט אויף אַלע וועגן.

פייגל האָבן זיך צעזונגען אין די נעסטן;
הויז־חיה האָט מיט טעם געגעסן פרישן גראָז;
ביימער האָבן זיך באַקליידט אין בעסטן —
אין פעלד צעשפּרונגען האָט זיך דער האָז.

דער פרילינג איז געקומען מיט געלעכטער,
מיט פרייד אין הערצער פון יונג און אַלט.
לבנה איז געשטאַנען ווי אַ וועכטער —
כאָטש די ערשטע פרילינג־נעכט געווען נאָך קאַלט.

1919

## דער שטן

בין גרייט זעלבסטמאָרד צו באַגיין.
דער טייוול האַלט מיר אָפּ די האַנט.
אַ צעטומלטער בלייב איך שטיין —
פּשוט פאַרלוירן פאַרשטאַנד.

דעם רעוואָלווער האַלט איך אין האַנט —
שוואַכלינג דו; מענטשעלע קליין!
צו זינדיקן גרויס האָסטו מוט —
קלאָג ווי אַ קינד, און איך וויין.

איך רוף צו דיר גאָט — דו אַליין —
גיב מיר כוח דעם שאָטן ביישטיין.
איך בין מיט זינד שוין אַזוי פול,
ווי מיט פאָדים פול איז אַ שפּול...

גיב מיר כוח גיין אויף דיין וועג —
אָדער מיט דעם רעוואָלווער — און אויס!...
די דאָזיקע טעג און די נעכט,
נאָך באַגיין זיי פיל איך ווי גרויס...

איך בין טייג ביים שטן אין האַנט.
ער מאַטערט, ווי אַ קאַץ טוט אַ מויז:
איך זאָל שטאַרבן זאָגט מיין פאַרשטאַנד —
שטייט שטן אַקעגן — לאַכט מיר אויס!...

1946

## גאָט גיב מיר געדולד

ווען ס׳ציטערט וואָרט אין מויל,
אין מוח וועבט אַ שפּין;
עס ברענט אונטער פיס די זויל
און קיין רואיק וואָרט געפין.

אָ גאָט! אָ גאָט! גיב מיר געדולד,
וואַרף אין נעץ זיך, ווי אַ פיש.
אויב ס׳איז מיין אייגענער שולד?
פיר צום ריכטיקן וועג מיינע פיס...

נעם מיין האַנט, ווי אַ פאָטער זיין קינד;
נעם בעלמע אַראָפּ פון מיין אויג:
אויב ס׳איז געוועזן מיין זינד —
ווי אַ שקלאַף בעט מחילה, זיך בייג...

## מען קאָן אים

געטראָגן אויף זיך האָט ער די שולד — ניט זיין שולד.
געבעטן האָט ער גאָט — „על־חטא״ זיך געשלאָגן.
יעדע באַליידיקונג איז ער פאַרביי מיט געדולד,
וואָרט יעדן איבערגעדענקט און געוויגן.

פּאָר אַ שוואַכן־קראַנקן, געוועזן ווי אַ שטעקן.
זיין צימער קליין, בעט גאָרנישט קיין ווייכע;
זיין האַלצערנער טיש געהאַט קיין באַדעקן;
די באַקן איינגעפאַלענע און בלייכע.

יעדן אויף זיין וועג געגעבן האָט ער „שלום״.
קיינעם דערציילט פון וואָס ער מאַכט אַ לעבן.
פלעגט פאַרשווינדן מיטן אָנקום פון קאַיאָר —
לעגענדעס וועגן אים האָט מען געוועבן...

מען קאָן אים שוין צענדליקער פיל יאָרן.
אפשר אַכציק, ניינציק, אַ הונדערט!
איינער גלעט די באָרד, ער וואָלט זיך גאָר געשווירן...
און יעדער זאָגט עפּעס גאָר באַזונדער.

זאָגט איינער: „ר׳ שלמה, איר מוסט גוט אים געדענקען —
איר אַליין זייט בקרוב צו דער מאה
געדענקט, ער האָט דעם גרויסן מחזור אייך געשאָנקען?
איר היט אים אָפּ, ווי ער וואָלט געווען אַ קמאה!...

## לידער ווי קינדער

מיין וואָרט היט איך,
ווי אַ מוטער איר קינד.
און צערטל און גלעט עס,
ווען אין אַ ליד איך זיי בינד.

איך צייל יעדער זילב,
שניר זיי אין גראַם.
איך גלויב, אַז אַ ליד
אין גראַם האָט מער טעם.

לידער, ווי קינדער,
מיט ריטם עס טאַנצט;
ווי זון נאָך אַ רעגן
מיט רעגנבויגן גלאַנצט.

## עפּיגראַמיש

טייל און גיב, וועסט מערער האָבן
פֿאַרגעניגן, וועסטו אויך געניסן.
ניט געבער און די קאַרגע
ווילן פֿון קיין צדקה וויסן.

טינט איז שוואַרץ און ברענט ווי פֿייער
און גיפֿטיקער פֿון סם.
וויי איז יענעם, ווען טינט באַפֿלעקט אים —
ס׳איז פֿלאַמיקער פֿון פֿלאַם.

דער נאַר איז תמיד נאָר אין פּראָנט
און האָט אַ מויל מיט רייד;
ווי אַ בלינדער קריכט אין בלאָטע
מיט אויגן אָפֿענערהייט.

דער צונג איז שאַרפֿער פֿון אַ שווערד —
פֿיל צרות קאָן ער ברענגען;
ער לייגט פֿילע אין דער ערד,
איבער אים זיך מענטשן הענגען.

פֿרייהייט קאָן מען לאַנג ניט צאַמען.
זי גראָבט זיך סטיכיש פֿריי אַרויס.
וואָס מער מען דריקט עס איין אין קלאַמען,
איז איר מאַכט נאָך שטאַרקער גרויס.

אַ הונט איז אַ פֿריינט; אַ ווייב — אַ קאַץ.
אַ געליבטע איז טעם גן־עדן.
אין שטורמישע צייטן — ווערט ווייב די שאַץ —
איינס איינגעגאָסן אין ביידן.

דאָס לעבן דאַרף זיין שענער ווי לעבן אַליין.
לעבן דאַרף האָבן ווערט דעם לעבן.
ניט גאָלד, פֿאַרגעניגן, ניט דימענט־שטיין
איז ווערט וואָס חכמה קאָן געבן.

## כ׳וואָלט

ווען לעבן וואָלט געפלאָסן אָן דאגה
און פריי וואָלט געווען אַלע צאַמען,
און קיין שטיינדל אין וועג וואָלט געווען —
וואָלט מיר געפעלט אַלע טעמ׳ען.

אַ צופרידן־שטאַרק לעבן ניט געוואָלט.
כ׳וואָלט אַזוי לעבן ניט געקענט;
כ׳וואָלט דער וועלט מיין חוב ניט באַצאָלט,
ווען כ׳שאַף ניט אַליין מיט די הענט...

אָט די וואָס לעבן גאָר אָן זאָרגן,
זיי ווייסן ניט די ווערט פון די הענט.
זיי פאַרשפּילן די שיינקייט פון מאָרגן,
ווערן פון זנות און שפּירט פאַרברענט...

זייער צייט גייט אַוועק אין לאַנגווייל;
זיי ווערן פון ווילטאָג פאַרטעמפּט.
אַ גאַס גיין — ביי זיי איז אַ מייל...
געניסן, געשאַפן — פון פרעמדע הענט...

ווען כ׳ווייס, כ׳ווער רייך ווי זיי,
וואָלט איך גלייכער גיין טאָן שווער־מלאכה
און פילן פון האַמער־שמערץ דעם ווי
און עסן מיין ברויט מיט אַ ברכה...

## האַלט דעם גערולד

ווען מזל פאַרלאָזט און מאַטערט דיין וועג —
האַלט דעם גערולד, פאַר גליקלעכע טעג.
לעבן איז ווי דאָס הימל — ניט אַלע מאָל בלויט;
ניט אַלע מאָל — אויך וואָלקנס פאַרגרויט...

טאָ האַלט קאָפּ געהויבן, ווי שווער נישט דער היינט!
ווען וואָלקנס צעשווימען — זון ווידער שיינט.
גלויב, און זאָלסט גלויבן, אַז ניט תמיד איז גרוי.
לעבן איז ווי דאָס הימל — אָט פאַרכמאַרעט, אָט — בלוי...

טאָ גיב זיך ניט אונטער, ווען צייט דיך באַדריקט;
ווייל גאָר אומדערוואַרטעט ווערסטו באַגליקט!...
נאָר האָף און געדענק דאָס — תמיד דערוואַרט:
גליק איז ניט אַ פאַרגינער, איינגעשפּאַרט — האַרט!...

## וואַרום

מיינע אָדערן פון מיינע דאַרע הענט
ציען זיך, ווי גומע־בענדער —
און שטייף ווערן די פינגער און ציטערן,
ווי מענטשן אין די סאָוועטישע לענדער...

און אַמאָל אויך די פיס קריגן זיך
און טוען צו להכעיס מיינע געפילן:
אָט גאָר, גאָר גוט, אָט נאַדיר — גאָר אַ שטרייק!
און מיינע מוסקלען הייבן אָן צו בילן...

און אַמאָל הייבן אָן די פיאַטעס צו בייסן
און אַלע ווײַלע קלאַפּ איך אין שוך.
דער גראָבער פינגער טוט דיר אָן צרות —
ס׳איז ערגער ווי צאָן־ווייטיק — טוסט אַ פלוך...

און נאַדיר: דער עלענבויגן פון דיינע הענט
צעשפּילט זיך, ווי מיט שפּיזלען שטעכן;
און טוסט אַ ריר זיי — קריכסטו ווי אויף גלייכע ווענט
און דער גאַנצער גוף דיר הויבט אָן צו ברעכן...

אָ, דאָס איז די עלטער מיט אירע מעלות.
אָ גאָט, גיב אַן עצה, צו זיין יונג!
וואַרום נאָך ווינטער איינגעדאַרטע ביימער
ווערן יונג, און שפּראָצן אויף, מיט פרייד און שפּרונג?

## פאַר יידיש — פאַר זיין אַ ייד

פאַר ווען זינג איך מיין ליבהאַרציק „יידיש־ליד?
מיין זון איז פרעמד די שורות — פון רעכט צו לינקס.
ס׳איז אים פרעמד די דינים, וואָס סע דאַרף אַ ייד —
הגם, האַרץ מיין, ס׳פרייט דיך — ווען דו יידיש זינגסט...

ווען כ׳שרייב אַן ענגליש ליד, טראַכט איך אויך יידיש.
וואָס איך זינג, זינג איך דאָך פון שבת און יום־כיפּור.
פון מאַמעס ליכט־בענטשן, פון טאַטנס זינגעוודיקן קידוש —
פון יידיש־צרות: ווו ביסטו מאַמעשי? טו איך אַזש אַ כליפּע...

יידיש שלאָגט פון מיר, ווי וואַסער פון אַ קוואַל;
יידיש, אין מיינע ביינער, איז, ווי איינגעשניטן.
מאַמע! שריי איך אויס, ווען געפאַר טוט אַ באַפאַל —
פאַר יידיש, פאַר זיין אַ ייד, וויפיל האָב איך שוין געליטן?!...

## לעבן האָט זיבן טירן

לעבן האָט זיבן טירן, צו דעם גרויסן זאַל
און די טירן פירן, יעדן צו זיין שיקזאַל.
פיל מאָל גאָר נישט שולדיק, איז דער מזל אַליין —
ווער ס׳איז ניט געדולדיק, וועט טראָגן שווערן שטיין.

געדולד איז שענסטע מידה, אויב גליק איז דיר באַשערט?
„איינעם די ירידה —טרייבט אים פון דער ערד.
מזל אומדערוואַרטעט, געדולדיקער — געפינט.
אומדולדיקער פאַרהאַרטעט — שפינט און ניט דערשפינט!...

## מיין ליד

מיין ליד איז אַ טייל פון מיין לעבן,
מיין ליד גיט מיר רו!
אין ליד האָב איך איינגעוועבן —
ליד, מיין לעבן ביסטו.

מיט ליד האָב מיין וויי איך פאַריאָגן;
מיט ליד, דאָ און דאָרט;
מיט ליד, ווער איך אָנגעלאָדן —
טרייסט געפין איך אין וואָרט...

## ווילן טראָגט מיט זיך רו

דאָס וואָרט — דאַרף זיין געמאָסטן,
וואָס רייסט אַמאָל ביז גרונטן;
וואָס טראָגט מיט זיך גלוסטן
און מאַכט קראַנק אַמאָל געזונטן.

האָט פליכטן איינס צום צווייטן;
נעמט ניט אַלץ פון גרייטן;
שניידט די זאַנג און ברענג זי,
און דרעש זי — וועסט האָבן פאַר דיין מי.

מיט ליבשאַפט טו דיין מלאכה,
וועט ברענגען דיר הצלחה.
ווילן טראָגט מיט זיך כוח;
רעכענען — שאַרפט דעם מוח.

מיט האַרץ, מיט אמת און ווילן
וועט צאַרט דיין האַרפע שפילן.
צערייס די שווערע געפילן —
וועט דיך לעבן מיט אַלץ איינהילן...

## כ׳וויל ניט

היינט איז דער הימל געלעגן אויף מיין קאָפּ
און ביטערע געדאַנקען — געוויגן ווי בליי.
אַ, גאָט! ווו ווער מיך טראָגן די שוואַרצע חלומות?
גאָט, גיב מיר כוח פון לעצטן טאַט מיך באַפריי.

ווען ס׳גריבלט אַריין ווי אַ וואָרים און עגבערט
און זויגט אויס די זאַפט פון די ביינער;
רייצן און פייקלען, מיט ביינערנע פינגער
און שטעלן אַ צונג דיר — אַ מויל ווי אָן ציינער.

כאַ, כאַ, כאַ! וואַרפט זיך צונג ווי אַ בייטשל
און די ביינענדע פינגער סטראַשען און וואַרפן,
בייגן ווי ווייזערס פון אַ כריפּענדן זייגער —
כ׳וויל ניט צו פריינט זאָל אָנקומען דאַרפן.

כ׳וויל קיין באַדויער, רחמנות פון מענטשן;
וויל ניט אויס נקמה — אַ מאָל זאָל מען זאָגן:
זיי האָבן געמוטיקט — אין שוואַרצע מינוטן;
זיי האָבן געטרייסט מיך, ווען פון צווייפל געטראָגן.

כ׳זוך ניט פון בן־אדם טרייסט־ווערטער הערן;
כ׳וויל ניט זיי זאָלן אַמאָל מיר דערמאָנען —
געדענקסט, ווען ניט איך, ווו געוועזן וואָלסטו איצטער?
— ווי דו ביסט דערוואָקסן — דיך גאָרנישט צו דערקאָנען...

האָב שוין געהאַט, וואָס רופן זיך פריינט מיינע
און דערמאָנען מיר תמיד מיינע פינסטערע טעג.
כ׳וויל שטיינער־מיינע ראַמען, ווען פינסטער אַרום איז —
ניט וואַרפן אין פנים מיר, ווען גליק קומט אין מיין וועג...

## כ׳לויב דיך

כ׳ווייס ניט ווי צו לויבן דיך, מיין גאָט!
אַפילו ווען דו מאַטערסט מיך ביז ביין.
מסתמא בין איך אַ חטא באַגאַנגען —
מסתמא איז מיין פנימיות ניט ריין...

כ׳לויב דיך, אין מיין גרעסטן ויתרוצו;
כ׳לויב דיך, ווען דאָס האַרץ מיר דריקט!
כ׳לויב דיך, ווען דאָס האַרץ איז פול מיט שמחה, —
אַפילו ווען די נויט מיך דערשטיקט!...

## וואָס האָב איך געשפּאָרט

וואָס האָב איך געשפּאָרט פון מיין מי?
פון שווערע יאָרן און מאַטער.
עס טוט מיר אין האַרץ אַ צי —
אַ לעבן אין האָפן געפּאַטערט.

מענטשן אָן שכל, פּשוטע אידיאָטן,
דערוואָרבן האָבן זיך רייכקייט און אָרט,
מיט אַזוינע געוואָלט וואָלט איך ניט געטראָטן —
מען קאָן ניט מיט זיי ריידן קיין וואָרט.

לעזען ניט קיין צייטונג, ניט לעזן קיין ביכער.
זיין בוך, זאָגט ער, איז — קאָרטן אַ טעשל.
אַ זאָג טוט איינער: און אַז געלערנט ביסטו?
— איך שפּיל אין קאָרטן — דו טרינקסט פון פלעשל...

דו ליגסט אין רינשטאָק — איך ביים טיש;
דו לייענסט ביכער — איך שפּיל אין קאָרטן.
ווערטער אַזוינע טיף גיבן אַ ריס!
דער דאָזיקער ענטפער פאַרטרייבט מיך פון דאָרטן.



דיימאָנדשטיין
אַרום זיין מוזעאום



אַ פּאָגראָם

## קוקט אַריין

קוקט אַריין אין די הייזער פון די דייטשן,
וועט איר געפינען דאָרט יידיש האָב און גוטס:
אויסגענייטע טישטעכער, מיט מגן־דודס באַזוימט
און פלושענע דעקן, רויטע ווי בלוט;

זילבערנע לייכטער און גאָלדענע בעכערלעך
און מעשענע שטייסלען אין קיך;
פאָרצעלייענע טעלער מיט גאָלדענע רימען
און בעטן מיט זיידענע טשיך.

קריסטאָלענע גלעזער מיט פאַרביקע קווייטן;
גראַפינען געשליפענע — שיינט!...
זיי האָבן געירשנט פון יידישע שכנים —
זיי זיינען בעלי־בתים פון אַלעס דאָרט היינט.

זיי שלאָפן אויף פערענעס ווייכע פון פוך
און קאָלדרעס פון וואָל, באַצויגן — סאַטין...
קווייטן באַנייטע פון יידישע טעכטער,
אויסגענייט מיט זיידן, איידל און דין.

פאַרפלוכט זיי דייטשלאַנד — זאָל דער צייכן
פון קין, דער גזלן, אויף אייביק דערמאָנען;
אַ חיה אַזאַ, וואָס איז פון וועלט אָן בראשית —
אַזאַ מאָנסטער, וואָס איז ניט געווען צו דערקאָנען.

יאָ, ניט צו דערקאָנען, ווייל ס׳קיין מאָל ניט געווען
אַ בלוטיקע, דורשטיקע חיה ווי דו.
טויזנטער יאָרן וועט מען שפּעטער נאָך לעזן —
דער בלוטיקר צייכן וועט דיר ניט געבן קיין רו!...

דיינע קינדער און אייניקלעך וועלן באַהאַלטן
זיך; שעמען צו דערמאָנען זיין שטאַם, —
פאַרהאַסט אויף אייביק פון יידישן פאָלק —
זייער בלוט און טרערן וועט ניט שטילן ווי דער ים!...

## פאַלדן

פאַלדן
שניידן אין מיין שטערן טיף.
נאָר ווייניק דאגה גיט דאָס מיר;
דאָס זאָגט מיר אָן, אַז מיין געזאַנג
איז ביי דער לעצטער טיר...

טונקלען
מיינע אויגן, וויגן זיך אין כמאַרעס.
טאַפּן דעם גאַנג אין מיטן טאָג;
איך זוך אַ שיין אין הימל בלאָ.
בלוט אין די אויגן אָן טרערן —
אַפילו ווען איך קלאָג.

צוואַנגען
דאָ מיינע הענט — אַרטרייטעס.
האַרט ווי לעכטלעך, געפראָרן אייז
אין די זאַווערוכעס בילן ווי שאַקאַלן
און בויגן דעם רוקן מיין
און פאַרבן קאָפּ מיר ווייס.

## אַזוי פלעגט מיין מאַמע

מיינע פיס ציען ווי יום־כפור נאָכן פאַסטן.
און טרוקן איז דער צונג, ווי אין מדבר... —
אַזוי פלעגט זאָגן דער אַלטער לייבע
און תמיד קריגן זיך מיטן טאַטן.

מאַמע פלעגט אַלץ נאָכגעבן ר׳ לייבען;
הייסן טאַטן מיטן פינגער ער זאָל שווייגן.
און טאַטע פלעגט צושאָקלען: איר האָט רעכט!
צו דער מאַמען: איבער דיר מוז איך לייגן.

„ס׳אַרט דיך, הערשל, האָסט אַן אוצר פאַרלוירן?
וועט דיר פעלן ווייַן צום שבת־טיש?
ער זאָגט ס׳איז העכט — זאָל זיין אַ העכט!
אַן אָקען, זאָל זיין אַן אָקען — אַבי אויף שבת פיש...

„מען זאָגט: זקן קרוב לילד״!...
אַזוי פלעגט מיין גוטע מאַמע טענהן
און פון אירע אויגן פלעגט קלוגשאַפט שיינען...

## דערפאַר גאָט

מיין פערד איז אַ דונער, וואָס קנאַלט,
מיין סטראָפע — אַ בליץ, וואָס באַלייכט,
מיין ליד ווען פאַרענדיקט, צושטראַלט;
פאַר פרייד מיין אויג ווערט באַפייכט.

מיין האַרץ, גאָט, דאַן, דיך בענטשט,
וואָס דו האָסט מיר וויזיע געגעבן:
איך בין פלייש און בלוט — אַ מענטש!
כ׳האָב אין ליד אַריינגעהויכט לעבן...

דו האָסט מיר די וויזיע געגעבן;
דו האָסט מיר מיין מוח פאַרשאַרפט,
איך זאָל אין פשוטע ווערטער איינוועבן,
וואָס לייכט ווי אַ לאָמפּ פול מיט נאַפט!

די ווערטער ווי רעגנבויגן־פאַרבן,
ווי ליכט־בלאָע בלענדן די אויגן;
אַפילו ווען איך וועל ווען שטאַרבן
און מען וועט מיך אין קבר לייגן,

וועלן נאָך מיר די ליכט־ווערטער פאַרבלייבן,
ווען גוף אין אַש וועט צושטויבן;
וועט אַ מצווה־שטיין זיין מיין שרייבן —
דערפאַר גאָט — יום־ולילה טו איך דיך לויבן...

## פאַר יענע, וואָס זיינען קלוג

די שטאָט, דער שול־הויף און די זון־אונטערגאַנג,
די וואָלקנס, די ביימער, דער האָריזאָנט — זעצט זיך;
כאָטש פרעמד און קאַלט — ווי אַ חלל־קלאַנג —
האָב געחלומט לאַנג צוריק, און ווידער חלומות וועבן זיך.

דער קורצער לעבן, זומער־שפּיל, איז דאָך געוווּנען.
פון ווינטער קאַלטן חדר פאַר איין שעה גליקלעכן שיין;
כאָטש די גאָלדענע ווערים — זייערע שטראַלן זיינען קיינמאָל צערינען
אַלץ איז קאַלט שוין: פינסטער ענדיקט זיך קיין מאָל אָן פּיין.

פאַר יענע, וואָס זיינען קלוג צו דערשפּירן, זיינען אויכעט קלוג.
די אמת׳ע שיינקייט, פריי פון טויטן־קלאַנג;
קראַנקע פאַרשטעלונגען פון קראַנקן שטאָלצן קרוג,
וואַרפט בלייך אויף דיר טרוימער, די ערע פון לאַנג.

— וואַרפט בלייך אויף דעם, דעם גרויסן שאָטן באַהאַלט —
דיין פנים: איך זינדיק אַקעגן דיינע געבורט־הימלען — געשטאַלט.

# אַ חלום

כ׳האָב נאָר וואָס אַ ספרים־געוועלב אויפגעשטעלט.
אין שוי־פענסטער די בעסטע ביכער אויסגעשטעלט:
מיט גאָלדענע בוכשטאַבן האָט געגליטערט פון פענסטער
די גרעסטע קונסט־ווערק פון דער וועלט.

ביים טיר פון געשעפט — קאַרטלעך, אַ קעסטעלע,
פאַר יעדן פאַרבייגייער אַ קאַרטל צו נעמען;
אַן אָנגעוויזענעם אַדרעס צו געדענקען —
אַליין זיך אויסגעפּוצט ניט צו פאַרשעמען.

פּלוצים פון קעסטל צוויי לעכטלעך,
אַ שוואַרץ ווערעמל האָט זיך גענומען אויסציען לאַנג;
פון איין לעכל דאָס קעפּל, פון צווייטן דאָס עקל,
און גרעסער און דיקער, ביז ס׳איז געוואָרן אַ שלאַנג!...

געוואָרפן האָב איך זיי פאַרניכטן
פּלוצים פון שלאַנג — אַ שוואַרץ־טכאָר זיך פאַרביטן
און עטלעכע קליינע טכאָרלעך לויפן איז נאָך
און איך שטיי שטום, צעטומלט, אין דער מיטן.

געוואָלט האָב איך דעם טכאָר אויך טויטן.
האָב איך מורא געהאַט — ער וועט געוועלב פאַרשטונקען.
פּלוצים פאַרביטן האָט זיך אויף צוויי ווייסע חזרים.
האָט איינער אַ שוואַרצן טכאָר איינגעשלונגען.
ס׳איז אים געבליבן אין האַלדז — ניט געקענט זינקען...

ניט קאָן אים דערשלינגען, ניט קאָן אים אויסשפּייען,
און פּלוצים אַ קופּער־שלאַנג פאַרדרייט מיינע פיס.
נאָר איך מיט אַ שפּרונג בין געשטאַנען אויף אים —
פאַר הילף האָב שרייען גענומען — און דערוואַכט מיט אַ ריס.

האָב זיך פּותר־חלום געווען: ס׳זאָל זיין צום גוטן...
נאָר ווייסן ווייס איך — די שלאַנגען און טכאָרן;
אויך די חזרים, וואָס ראַיען זיך אין מיין לעבן —
אַלע — אין אַ סערענאַדע — פאַרביטערן מיינע יאָרן.

---

19 יאַנואַר 1958, זעקס אין דער פרי, האָט דער חלום מיר זיך באַוויזן. איך באַצייכן די דאַטע, ווי ס׳וואָלט אַ סימבאָל מיר אויסגעטייטשט. (איבערגעזעצט פון מיין ענגלישן בוך לידער „דואַליזם״).

1958



דער אייביקער וואַנדערער

# די באַלאַדע פון אַ דיכטער
(עלעגע)

געשריבן צו דערגרונטעוועז — עפּעס גרויסקייט — ער ווער...
זיין נשמה האָט געצויגן צו פּאָעזיע, צו שיינקייט.
אָפּגעלאָזן, ניט געפירט זיך ווי אַ פּאָעט.
ס׳האָט אים געטריבן אַ באַהאַלטענע בענקשאַפט —

געשריבן ראָמאַנען, מיט גראָבן פּאָנאָגראַפישן וואָרט.
„וואָס איז דער אונטערשייד — צו באַזינגען אַ בוים
פון צו באַזינגען די שיינע געפילן פון געשלעכטס?
די עמאָציעס פון צו פּאָרן־זיך — דער שענסטער טרוים!...״

ער האָט אין נאָוועלע, ער האָט אין פּאָעמע —
עראָטיק אַמשטאַרקסטן — באַוועלטיקט.
פּאַר אים: ווײַן, פרויען און געזאַנג, ז׳געווען זיין טעמע
און זיין וועג האָט אים איבערגעוועלטיקט.

אין קלאַנג פון צייט האָט ער זיך פּאַרפּלאָנטערט —
דערפּאָלג און רום האָט אים פּאַרזשמורעט.
און האָט זיך צום ווײַן, ווייב און ליד פּאַרקערט,
און ס׳האָט אָנגעפאַנגען אויסרינען דער פּאָעט...

ווען די מוזע האָט אים ניט צופרידן געשטעלט
האָט ער צו הילף גענומען דעם ביטערן טראָפּן,
וואָס מער האָט געזוכט אין דעם געפינען זיין וועלט —
האָט ער געוווּנען פּאַראַכטונג און שפּאָט!...

אָנגעזאַפּט מיט טאַלאַנט און אָנגעזויפּן מיט ווייסן.
געבענטשט פון דער געטין אַטענע.
און דאָס האָט שטאַרקער זיין ווילן געריסן;
האָט ניט פּאָגלאַטיוועט פון די און פון יענע...

זיין גאַנג און זיין טראָט — זיין אייגן וועג.
גאָר הצלחה צום סוף איז ווייניק געקומען.
און ביטער געוועזן איז און טונקל די טעג
און שטן האָט צו אים זיך גענומען...

ער האָט אים געשלעפּט אין גהינום אַראָפּ —
צו עלנט און דחקות, און מוטלאָז־געפיל;
ער האָט אים געבויגן צו שאַנדע זיין קאָפּ —
אין האַנט פון דעם שטן געוועזן אַ געשפּיל...

פאַרלאָרן דעם מוט און פאַרלאָרן דעם ווילן
צו שטעלן זיך קעגן דעם רוצח פון צייט.
זיך טיפער געבויגן דעם דורשט איינצושטילן,
געזונקען אין עלנט, אַלץ טיפער און ווייט...

זיך געחברט מיט שיכורים און „טרעמפּ׳ס״,
טעג פאַרווײַלט אין פינצטערע ווײַן־קעלערן.
אומגעשפּאַנט, הונגעריק, אין מאָגן מיט קרעמפּס
און וואָס נאָר געשאַפן, געווען פול מיט פעלערן...

און וואָס נאָר געשאַפן און וואָס נאָר געשריבן
איז זיך ניט צעגאַנגען, הגם טיף מיט געפילן —
פאַרלעגער באַקלאָגט זיך: אַלץ איז פאַרבליבן, —
שפּאַסט ער — און מיט זיין ווײַ טוט ער זיך שפּילן...

זיין נאָמען, באַרימט, אין פיל פילע לענדער
איז געזונקען אַרונטער און פאַרשוויגן געוואָרן:
עס ליגן פאַרשטופּטע, פאַרשוואַרצטע די בענדער,
וואָס גרויס די נאָכפרעג, געווען איז פיל יאָרן...

אַוועק איז זיין לעבן, אַ האַלבן יאָרהונדערט.
עלטער האָט אַ צי געטאָן און טיף אים געבויגן,
און ס׳האָט זיין גאַנצן שטאָלץ, טיף אים פאַרווונדעט
און פאַרטונקלט די זון פון די אויגן...

זיין יונג ווייב האָט זיך נאָכגעשלעפּט, ווי ביי די ציגיינערס.
מיט אַ ליד האָט געצאָלט, פאַר שטילן זיין מאָגן...
און אַ בעט האָט געפעלט פאַר זיי זיך צו לייגן,
און זיך פיל מאָל אַרומגעשלעפּט ביז טיפן פרימאָרגן...

איינמאָל מען האָט זיי ביידן געפונען
טויטע — צעשניטן, צעטרייבערט, צעשטאָכן.
דער מערדער געווען איז זייער פריינט, זייער שכן —
דאָס איז דער נעקראָלאָג, האָב מיט טרערן געשפּונען...
(איבערגעזעצט פון מיין ענגלישן בוך „דואַליזם״)

## ס׳וועט

מעגסט וועלן פאַרגעסן, דו וועסט עס ניט קאָנען.
עס וועט אין דיר קלאָגן, מאָנען און מאָנען:
„ווו איז מיין טאַטע, שוועסטער און מאַמע?...״
ווען דו וועסט גיין עסן, ווען דו וועסט גיין טרינקען,
וועסט אין אַ מעלאַנכאָליע פּלוצים פאַרזונקען...

ס׳וועט דיך דערמאָנען: קינדער, ברידער און שוועסטער;
אין שלאָף און אין חלום, דיין אומגליק דער גרעסטער...

# וואָס אַ ייד האָט דערציילט

(לעגענדע)

דערציילט האָט אַ מעשה אַ ייד אין דער שול,
שבת, בין מנחה למעריב.
האָט די מעשה פאַרנומען אין מיין קינדערשן קאָפּ —
פאַרנומען מיט אַ פאַרטיפטן פאַרטיף.

געדענק יעדן דבר פון דער מעשה;
די מעשה ניט געלאָזט האָט מיך שלאָפן;
די דיבורים האָב גוט איינגעחזרט —
אַלץ, וואָס עס האָט זיך פאַרלאָפן.

דער ייד האָט געלעבט אין אַ דאָרף,
זיין שטיבל ביים ברעג פון דעם וואַלד;
ער אַרבעט — שוין שפּעט אין דער נאַכט —
הערט געשרייען: ראַטעוועט, גוואַלד!...

וואַרף איך דעם קאַפּיל מיטן שוך;
לויף און עפן די טיר, דאָרט צו זען —
אַקעגן שטייט מיין שכן סטעפאַן,
מיט אויגן פון אַ וואָלף, וואָס ברענען.

מענטשן, שרייט ער: העלפט, ראַטעוועט!
— וואָס שרייסטו, סטעפאַן? — איך פרעג אים:
האָט אַן אומגליק דיר, חלילה, געטראָפן?
אַ שרעק איז אַדורך אין מיין שטים.

„מען שנייט מיר אין שטיקער, אין פּאַסן,
מען האָט מיר געבונדן די פיס.”
אַ מורא איז דורך מיינע ביינער,
און טו זיך אַ לאָז מיט אַ ריס.

כ׳וויל אים אַ טאַפּ טאָן — ווער האַלט דיך?
כ׳בין ווי פאַרשטיינערט געבליבן.
ביז כ׳בין געקומען צו זיך
און האָב מיר די אויגן געריבן.

פון אָרט ניט געקאָנט אים אַ ריר־טאָן,
אין גאַנצן זיך האָב ניט פאַרלוירן:
נישט גוטע? איך לויף אין שטוב גלייך אַריין —
האָב געהערט אַזאַ מעשה פון יאָרן...

געכאַפּט דעם תנ״ך און לייג צו צו אים.
ער טוט אַזש אַ קוויטש: אָי, אָי, אָי!...
און גלייך צום קירכע זיך יאָגן גענומען —
געלאָפן ווי משוגע איז דער גוי.

האָב יענע נאַכט שלאָפן געקאָנט ניט,
און אין קלויסטער האָב געוואָלט ניט גיין.
צו מאָרגן, וואָס עס האָט זיך פּאַרלאָפן,
זיין ווייב האָט דערציילט מיט געוויין:

„ער איז פּשוט משוגע געוואָרן —
האָט מורא פון קירכע אַרויס;
וואָיעט אַזוי ווי אַ חיה —
כ׳קאָן אים ניט נעמען אין הויז.

שטייט נעבן קריסטוסעס בילד און צלמט זיך:
איך האָב זי געהרגעט, באָזשע מאָי!
יעזוס, פּאַרגיב מיר, ראַטעווע!
זי ליגט דאָרט אין שטאַל אונטער הנאָי...

די צייט איז געווען ערב פּסח.
סטעפּאַן האָט פיינט געהאַט יידן.
פלעגט תמיד מיך רופן „זשידאָק״ —
האָב מיט אים צו טאָן — אויסגעמיטן.
„צי וויל ניט, דער ערל, וואָס אָפּטאָן?״ —
טראַכט איך — אַהאַ: אונטערן הנאָי?
לויף גלייך אַוועק אין „אוצאַסטאָק״ *
און ברענג מיט זיך אַ „גאַראָדאָוואָי״...**

מיר גייען אַריין אין די שטאַלן,
פערד הירזשען — בהמות מוקען...
נעם איך די גראַבלע אין די ידיים —
האָבן די חזרים גענומען אויך כרוקען.

סוף מעשה שהיה — דאָ האָט איר:
אונטער הנאָי ליגט אַ דערמאָרדעט קינד...
אין קלויסטער אַריין „גאָראָדאָוואָי״ איז,
האָט הענט און פיס אים געבינט.

האָבן גויים פון דעם זיך דערוווסט;
מיט גראַבלעס, מיט העק און מיט שטעקנס —

„גאַראַדאָוואָי״ — פאַר שרעק איז אַנטלאָפן —
צו מאָרגנס האָבן הינט בלוט זיינס געלעקט.

דאָס איז די מעשה שהיה
און אַ בילבול איז דאָרט אויסגעמיטן
און יידן געבענטשט האָבן גומל.
דעם נס געדענקען פיל יידן.

## דיינק איבער

(צו וו. ג.)

צו וואָס נאָר, ווילסטו דעם באַרג טראָגן אויף דיינע פּלייצעס?
דו וועסט פון דער בייזער וועלט קיין באַלוינונג נישט קריגן.
ווייסט נישט, דער ליידיקגייער, דער גראָבער יונג, האַלט די לייצעס?
גיי דיין גאַנג בלחש, בלחש יעדן טראָט, אפשר וועסטו זיגן!

מיט ליאַרעם און מיט שטורעם וועסטו קעגן זיי פאַרלירן.
קאָמפּראָמיטיר זיי! שנייד ווי שטילע וואַסער — נאָר פאַרשטעלט.
דיין מעכטיק־זיג וועט דאַן געפינען אָרט און מאַרשירן —
נישט מיט שטורעם וועסטו דערפירן; נישט מיט געטומל אָדער געלט.

ס׳איז שוין באַוווּסט פון לאַנג: „דער הונט, וואָס בילט — בייסט ניט״!
די שלאַנג אין שטיל, גיט איר טויטן־ביס.
פיר דיין קאַמף אָן טומל, גיי מיט שטילע טריט —
דיינק איבער, ביז דער זיג וועט ליגן ביי דיינע פיס.

## ווערט מיין קאָפּ גרויער, גרויער

אין מיין האַרצן שטיקט דער טרויער
און די לידער ווערן גרויער, גרויער.
ווי קאָנען מיינע לידער, רופן, וועקן?
ווען מיר אַליין זייער טרויער שרעקן!

ניטאָ דער פאַקל, ניטאָ דער פלאַם,
ס׳האָט דער שיקזאַל מיר געשטעלט אַ צאַם;
כ׳גיי אין גאַס, ס׳פול מיט מענטשן —
כ׳וויל ניט שילטן, כ׳קאָן ניט בענטשן.

עס שרייט פון מיר מיט גרויס רחמנות,
מענטשן לויפן, האַוועט, אָן נשמות!
דריקט אין מיר אַ שווערער טרויער —
ווערט מיין קאָפּ מער גרויער, גרויער...

# ווי אַ שטורעמדיקער טייך

פאַרגאַנגענע טרוימען האָבן געגליטער ווי גאָלד;
געליכטיקט, געבליצט קעגן זון.
היינט נעכטיקער חלום, וואָס האָט געזאָלט
זיין, איז געוואָרן אַ ווינט־בלאָז דערפון...

ווי אַ שטראָמענדיקער טייך, וואָס יאָגט זיך צום ים
אָן אַ ציל, אומבאַוווסט, איז זיין לויף.
זיין לויף פאַרהאַלטן קאָן ניט קיין צאַם —
שלאַנג־בייגענדיק, לויפנדיק, ווי אַ רייף.

אַזוי איז מיין היינט, אָן אַ ציל און אָן רו,
פאַרגעסן וואָס נעכטן געמאָלן;
בלאָנדזשע און זוך — דער וועג ווו איז ווו?
וואַנדער איבער בערג, איבער טאָלן.

מיד בין איך! בעט צום הימל דאָרט אויבן.
שטום מורמלען, בלאַסע די ליפּן:
גאָט, ווייז מיר דעם דרך, גיב מיר מיין גלויבן —
מיט טרערן פאַרגיי אין אַ כליפּען.



## זוכט ניט

זוכט ניט אין מיינע לידער — שמחה;
זוכט ניט פרייליכקייט אין מיין וואָרט.
איר וועט יום־טובֿדיקע ווערטער ניט געפינען —
עלנט און איינזאַמקייט געפינען וועט איר דאָרט!

ווייניק שמחה האָב אין לעבן איך געהאַט;
ווייניק פריינט געפונען האָט מיין גאַנג.
זיגזאַגישע וועגן געפירט האָט מיינע טריט
און טרויער־לידער געפינט איר אין מיין געזאַנג!

## געהאַט האָב איך אַ שוועסטער

מיין שוועסטער איז שיין געווען אַ בת־מלכה.
שטיל ווי אַ טויב געווען איז איר טראָט;
ווי דער הימל — בלאָ געווען אירע אויגן;
איר קוק האָט געשמייכלט מיט שפּאָט.

בין נאָך אַ ייִנגל, אַ קליינער געווען דאַן.
אַלע בחורים פלעגן שמייכלען צו איר;
זי, אַ שטאָלצע, פלעגט קוקן צום הימל.
— האָסט אַ שיינע שוועסטער — זאָגט אַ בחור צו מיר.

— געוויס, אַ שיינע, אַ קלוגע און אַ גוטע!
זי איז בעל־הביתטע, אַלעס טוט זי אין הויז.
מאַמע איז פאַרנומען אין האַנדל און געשעפטן.
זאָגט ווידער דער בחור: — און שיין, ווי אַ רויז!...

געהאַט האָב איך אַ שוועסטער, מיט גאָלדענע הענט, —
איז היטלער געקומען און האָט זי פאַרברענט!...

1946

## צו ז.

די זאַלציקע שוויס, וואָס ס׳האָט געווייקט מיין געמיט,
האָב זיך צעכליפּעט, צעקרעכצט.
און וואַקלענדיק האָט זיך געבויגן מיינע טריט;
ווי פון טרערן האָט מיין פּנים זיך גענעצט.

יאָך פון לעבן האָט מיך ניט פאַרמאַטערט,
נאָר פאַלשער פריינט, וואָס לעקט זיך צו דיין פיינט:
אָ שקלאַף, דו לעקער; האָסט מיין כבוד קעגן דיר געפּאַטערט, —
פאַר אַ פרויען־שמייכל האָסטו פאַרקויפט דיין פריינט...

## וויליאַם שעקספּיר

### (5 סאָנעטן)

ווען מיין ליבע שווערט דאָס זי איז געשאַפן פון אמת;
איך גלויב איר, הגם איך ווייס זי לייגט.
דאָס זי דענקט אפשר אַז איך בין אַ ניט געבילדעטער יינגל,
ניט געלערנט אין דער וועלט־פאַלשער פאַרפיינענטן טייג.

די דאָזיקע פאַרפּוצטע דיינקונג דאָס זי דענקט מיך — יונג,
הגם זי ווייס מיינע טעג זיינען דורך צום גליקן;
פּשוט איך גלויב איר פאַלשן־לשון צונג:
אויף ביידע זייטן דאָס איז פּשוט אמת אונטערדריקן.

נאָר צוליב וואָס זאָגט זי ניט, זי איז אומגערעכט?
און צוליב וואָס זאָג איך ניט, אַז איך בין צייטיק אַלט?
אָ, ליבעס בעסטע געוווינהייט איז אין אויסזען רעכט.
און אין ליבע, עלטער, ליבט ניט צו זאָגן, וויפל די ביסט אַלט.

דערפאַר לייג איך זיך צו איר און זי לייגט זיך צו מיר,
און אין אונדזער שולד פון ליגן — וועלן מיר תמיד שמייכלען דאַפיר.

## סאָנעט

זיי וואָס האָבן מאַכט שלעכט צו טאָן, וועלן גאָרנישט טאָן,
וואָס טאָן ניט טאָן זאַכן, זיי מוזן טאָן צו באַווייזן,
וועלכע שטופּן אַנדערע, זיינען אַליין ווי שטיין,
ניט באַוועגלעכע, קאַלט, און צו נסיון רואיק־קרייזן —

זיי ריכטיק ירשענען ווידער צוריק הימלס־רייץ,
און מאַנס רעספּעקט ווערט עשירותדיק ווי הוצאותדיק;
זיי זיינען די „לאָרדן" און באַזיצער פון זייערע פּנימער,
אַנדערע, נאָר לאָקייען אין זייער גאוהדיקע נשמותדיק.

די זומערדיקע בלומען איז צום זומער זיס,
הגם צו זיך איז נאָר לעבן און שטאַרבן,
נאָר ווען דאָס בלום קומט מיט ערד באַרירט,
די פּשוטע גראָזן וואַקסן איבער, די געהויבענע — פאַרדאַרבן;

ווייל די זיסטע זאַכן ווערן זויער ביי זייער זיך בלאָזן;
ליליעס, וואָס שטאַרקער זיי שמעקן, זיינען ערגער ווי פּשוטע גראָזן.

## סאָנעט

ווען מיט ניט דאַנקבאַרקייט מיטן פאַרמעגן, און אין מענטשנס אויגן,
איך איינער אַליין באַוויין מיין פאַרשאָלטענעם צושטאַנד,
און באַטריבט־טויבן־הימל מיט מיינע ניט באַוויינטע געשרייען,
און איך קוק אויף זיך און שילט מיין מזל ביינאַנד.

ווינטשנדיק מיר נאָך אַמאָל זיין רייך מיט האָפענונג,
מיט שלעכטעס ווי ער, ווי ער מיט פריינט באַזיצט,
פאַרלאַנגען דעם מענטשנס פאַרנאַרן און דעם מענטשנס אַבזיכט,
מיט וואָס איך מוז מיט פאַרגעניגן פאַרברענגען צום
וויניקסטן באַשיצט.

דאָך אין די געדאַנקען, אַליין זיך, כמעט פאַרהאַסן
גליקלעך דענק פון דיר — און דערנאָך מיין צושטאַנד,
ווי צום פויגל דער אויפגאַנג פון טאָג דערשיינט
פון שלעכטער ערד, זינגען תפילות ביים הימלס טויער־וואַנט.

פאַר דיין זיסער ליבע געדענקען, אַזאַ רייכקייט זוניקער
דאָס דערנאָך וועל איך פאַרשפּאָטן צו פאַרגלייכן מיין צושטאַנד
מיט קעניגער

## סאָנעט 2

ווער וועט גלויבן מיין פערז אין שפּעטערע צייטן,
אויב ס׳איז געווען אָנגעפילט מיט דיין געשמאַקסטן פערבייסונג־מיט ?
דאָך אַלץ, דער אין הימל ווייס, ס׳איז גאָר אַלץ אַ קבר
וואָס באַהאַלט דיין לעבן און באַווייזט ניט האַלב דיין גליד.

אויב איך וואָלט געקענט באַשרייבן די שיינקייט פון דיינע אויגן,
און אין פרישע ציפערן אַלע דיינע גראַציעס.
די שפּעטע צייט וועט זאָגן, דער דיכטער לייגט,
אַזאַ הימלשע באַרירונג האָט קיין מאָל ניט באַרירט דעם ערדישן פנים.

אַזוי זאָלן מיינע פּאַפּירן פאַרגעלט ווערן אין זייער אַלטקייט,
זיין צו שפּאָט ווי דער אַלטער מאַן, פון וויניקער אמת ווי דער צונג ;
און דיין ריינע רעכט זאָל זיין פאַררעכנט אַ דיכטערס ליידנשאַפט :
די דערגרייכונג מאָס פון אַ שפּאַסיקן ליד.

נאָר געווען אַזאַ קינד פון דיינע, האָט געלעבט אין יענער צייט, שטאַם,
זאָלסטו צוויי מאָל לעבן — אין דעם, און אין מיין גראַם.

## סאָנעט 146

אָרעמע נשמה, דער צענטער אויף דער זינדיקער ערד,
געדריקט פון יענע טומלער־מאַכטן, דאָס אַלעס איז ווי געוויינלעך;
ווארום לײדסטו אין זיך און ס׳מאַכסט הונגער,
באַפּאַרבסט דײַנע אויסערדיקע ווענט אַזוי קאסטיק פריילעך?

וואָרום אַזוי גרויס די קאָסט, האָבנדיק אַזאַ קורצן אַטקופּ,
טוסטו צו דײַן אָפּבלאַקירטע „אימעניע״ — פאַרשווענדסט?
זאָלן ווערים ירשענען פון די דאָזיקע צופיל צו טאָן,
אויף עסן דײַן לאַסט? איז דאָס דער עיקר ענדסט?

דער נאָך, נשמה, לעבסטו צו דײַן דינסטעס פאַרלאָרן,
און לאָז דײַן יונגסט צו ערגערן דײַן באַצירן;
קויף הייליק־צייט און פאַרקויף שעהן פון פסולת;

און דערנער זיך, אָן צו זיין ניט רייך — מאַרשירן: —
זאָלסט זיך דערנערן אויף טויט, וואָס נערט זיך אויף מענטשן,
און טויט איינמאָל טויט. דערנאָך שטאַרבן, וועט מער ניט פאַסירן.

### צוויי לידער פון ראָבערט בוירנס
## אַ נייעם ירושלים

און געטאָן האָבן די דאָזיקע פיס אין אַלטע צייטן,
געגאַנגען איבער ענגלאַנדס גרינע בערג?
איז געווען די הייליקע שעפּס פון גאָט —
אויף ענגלאַנדס, רחבותדיקע, שיינע ערד?

און ס׳האָט אויסגעזען די הייליקייט —
האָט אויפגעשיינט אויף אונדזערע וואָלקנדיקע טעג?
איז דאָ געווען אויפגעבויט ירושלים?
איבער די דאָזיקע טונקעלע מילן־וועג?

ברענג מיר מיין בויגן פון ברענענדן גאָלד!
ברענג מיר מיינע פיילן פון פאַרלאַנג!
ברענג מיר מיין פּיקע — ניט אויפגעוויקלט!
ברענג מיר מיין וואָגן, ווי פייער זיין גאַנג!

איך וועל ניט אויפהערן געדענקען פון קאַמף,
אויך ניט זאָל דער שווערד שלאָפן אין מיין האַנט,
ביז מיר וועלן ניט אויפבויען ירושלים
אויף ענגלאַנדס גרין שיינעם לאַנד.

(פון מילטאָנען)

# אַ לחיים ליד

אַ פייג פאַר יענע פון געזעץ באַשיצט!
פרייהייטס הערלעכע סעודה־אַחים!
געריכט־הייזער זיינען פאַר פייגלינגען געשאַפן,
קירכן זיינען געבויט צו באַפרידיקן גלחים.

וואָס איז טיטל, וואָס איז רייכטונג,
וואָס איז דיין רעפּוטאַציע זאָרג?
אויב מיר פירן אַ לעבן פון שמחה־וששון,
ס'איז קיין אונטערשייד ווי און ווו — באָרג!

אַ פייג פאַר יענע א.אַ.וו.

מיט די פאַרטיקע קונצשטיק און ליגן,
דרייען מיר זיך אַרום אַ גאַנצן טאָג אין וויי;
און ביינאַכט אין היי־סטעג אָדער אין שטאַל,
נעמען מיר זיך אַרום און דרימלען איין אויפן היי.

אַ פייג פאַר יענע א.אַ.וו.

האָבן די חברה צוגעגרייט די דראָזשקעס
דורכן דאָרף לייכט בראָדיען אָן אַ סיבה?
איז די ניכטערע בעט פון הייראַט
עדותדיק, שענער די סצענע פון ליבע?

אַ פייג פאַר יענע א.אַ.וו.

לעבן איז גאָר, גאָר פאַרשידן,
מיר באַטראַכטן ניט ווי דאָס גייט;
לאָזט זיי ניט איבער אָנשטענדיקייט,
וואָס האָט כאַראַקטער צו פאַרלירן — דער טויט?

אַ פייג פאַר יענע א.אַ.וו.

דאָ איז די געלט־בייטל און די רייזע־זעק!
דאָ איז פאַר אַלעמען די בלאָנדזשענדיקע וועג; פאַר ווער?
דאָ זיינען די אָפּגעריסענע קינדער — וואָלקאָם,
אַלע ווי איינער שרייען אויס: אמן!

דער כאָר:

אַ פייג פאַר יענע פון געזעץ באַשיצט!
פרייהייטס הערלעכע סעודה־אַחים!
געריכט־הייזער זיינען פאַר פייגלינגען געשאַפן,
קירכן זיינען געבויט צו באַפרידיקן גלחים.

(פון „די לוסטיקע בעטלער״)

## דוד׳ס לאַמענטאַציע

די שיינקייט פון ישראל איז דערמאָרדעט — איבער דיינע שטעט:
ווי זיינען די מעכטיקע געפאַלן?
זאָג דאָס ניט
און גיב דאָס ניט אַרויס אין די גאַסן פון עשקלון.
אפשר, די טעכטער פון די פּיליסטינער זיך פרייען?
אפשר, די טעכטער פון די ניט געמלטע — טריומפירן?
יאָ, בערג פון גלבוע.
זאָל דאָרטן ניט זיין קיין טוי, אויך ניט קיין רעגן, איבער דיר, אויך ניט פעלדער קרבנות.
ווייל דאָרטן דער פּאַנצער פון די שטאַרקע איז פאַרשעמט, פאַרוואָרפן געוואָרן.
דער פּאַנצער פון שאול, הגם, ער איז ניט געווען געזאַלבט מיט אייל.
די בלוט פון די דערמאָרדעטע פון די פעטע און די שטאַרקע,
דעם בויגן פון נתן׳ען האָבן ניט געבראַכט די צוריקגעקערטע,
און די שווערד פון שאול איז צוריקגעבראַכט ניט ליידיק.

שאול און נתן זיינען געווען ליבלעכע און צופרידענע אין זייערע לעבנס.
און אין זייער טויט האָבן זיי זיך ניט צעשייד:
זיי זיינעען געווען זיסער ווי אָדלערס,
זיי זיינען געווען שטאַרקער ווי לייבן.
יאָ, טעכטער פון ישראל, וויינט איבער שאול׳ן,
וועלכער האָט באַקליידעט אייך אין רייכקייטן, מיט אַנדערע פאַרגעניגנס.
וועלכער האָט אייך באַצירט מיט גאָלד איבער אייערע קליידער,
ווי זיינען די שטאַרקע געפאַלן אין דער מיטן פון קריג־שלאַכט!

אָ, נתן, דו ביסט דערמאָרדעט אין דיינע הויכע שטעט.
איך בין אומגליקלעך פאַר דיר מיין ברודער נתן,
זייער טייער ביסטו געווען צו מיר;
דיין ליבע צו מיר איז געווען געהויבן, שיין,
פאַרטרעפלעך — די ליבע פון אַ פרוי.
ווי זיינע די שטאַרקע געפאַלן,
און די כלי־זין פון מלחמה פאַרשוווּנדן.

(פון צווייטן בוך שמואל, ערשטער קאַפּיטל)

## כאָטש די ערד מעג מען איבערטראָגן

גאָט איז אונדזער רעטונג און כוח,
אין זייער נאָענטקייט העלפט אין אַ צרה.
דערפאַר וועלן מיר זיך ניט שרעקן, כאָטש די ערד מעג מען איבערטראָגן,
און כאָטש די בערג מעג מען טראָגן אין דיטיפענישן פון ים;

כאָטש די וואַסערן דאָרטן רוישט און וועט זיין דורכזיכטיק,
כאָטש די בערג טרייסלען מיט די אויפגעשוואָלענקייט דאָרטן.
דאָרטן איז אַ ריווער, די שטראָמען דאָרט זאָלן מאַכן צופרידן די שטאָט פון גאָט,
דער הייליקער אָרט פון די הייליקע געצעלטן אויף די העכסטע הויך.
גאָט איז צו וויסן פון איר; זי זאָל ניט איבערגעטראָגן ווערן;
גאָט זאָל איר העלפן און זאָל אויפשטעלן פריער.
און די געצן־דינער כעסן, די קעניגרייכן האָט מען איבערגעטראָגן;
עס זאָגט פאָראויס זיין קול, די ערד איז צעלאָזן.
גאָט דער בעל־בית איז מיט אונדז;
דער גאָט פון יעקב איז אונדזער רעטונגס־אָרט.
קום, באַטראַכטן די אַרבעט פון גאָט,
וואָס פאַר איבערפלעכטלעכקייט האָט ער געמאַכט אין דער ערד.
ער האָט געמאַכט מלחמות אויפצוהערן ביז צום סוף פון דער ערד;
ער האָט צעבראָכן דעם בויגן, און צעשניטן דעם שפּיז אין ברוך;
ער האָט פאַרברענט די רייטוועגן אין פייער.
„זיי שטיל און זיי וויסן, אַז איך בין גאָט:
איך וועל זיין דערהויבן צווישן די געצן־דינער,
איך וועל זיין דערהויבן אויף דער ערד״.
דער גאָט פון דער סקאַרפּעטקע איז מיט אונדז;
דער גאָט פון יעקב איז אונדזער רעטונגס־אָרט.

(תהלים 46)



איך וועל אויפהייבן מיינע אויגן צו די בערג,
פון וועמען קומט מיין הילף.
מיין הילף קומט פון גאָט,
וואָס האָט געמאַכט הימל און ערד.
ער וועט ניט מאַכן ליידן מיין פוס צו גיין;
ער, וואָס האָט געהאַלטן דעם ווילן ניט צו דרימלען.
דערזען, ער, וואָס האָט געהאַלטן ישראל
זאָל ביידעס — דרימלען און ניט שלאָפן.
גאָט איז דיין היטער;
גאָט איז דיין שאָטן צו דיין רעכטער האַנט.
די זון זאָל דיך ניט שלאָגן ביי טאָג,
אויך ניט די לבנה ביי נאַכט.
גאָט זאָל דיך באַהיטן פון אַלע שלעכטקייטן;
ער זאָל אָפּהיטן דיין נשמה.
גאָט זאָל אָפּהיטן ביים אַרויסגיין און ביי צוריקקומען
פון דער דאָזיקער צייט ווייטער, און אַפילו אויף אייביק.

(תהלים, קאַפּ. 121)

# דער פרייז פון חכמה

געוויס איז דאָרט אַן אָדער פאַר די זילבער,
און אַן אָרט פאַר גאָלד ווו זיי געפינען.
אייזן נעמט מען אַרויס פון דער ערד,
און מעש איז אויסגעשמעלצט פון שטיין.
ער איז געזעסן אויפן ברעג פון פינצטערניש,
און אויסגעזוכט אַלע פּערפעקטע:
די שטיינער פון פינצטערניש, און דער שאָטן פון טויט.
און דער וואַסער־פלוס האָט דורכגעבראָכן פון אַ באַוויינער,
אַפילו די וואַסער פאַרגעסן פון אונטערן באַרג.

זיי האָבן אָפּגעטריקנט, זיי זיינען אַוועק פון מענטשן.
ווי פאַר דער ערד, אַרויס פון דעם איז געקומען ברויט:
און אונטער דעם איז אויפגעגאַנגען ווי דאָס וואָלט געווען פייער.
די שטיינער פון דאָס איז דער אָרט פון סאַפּירן;
און באַדעקט דאָס שטויב פון גאָלד.
דאָרט איז אַ וועג, וואָס קיין פויגל האָט געוווּסט,
און וועלכער דעם אָדלערס אויג האָט ניט געזען;
דעם לייבס יונגע האָבן ניט באַטראָטן,
און ניט דער צאָרנדיקער לייב איז פאַרביי געגאַנגען
ער האָט איבערגעקערט די בערג ביז די וואָרצלען.
ער האָט אויסגעשניטן טייכן אין די שטיינער,
און זיינע אויגן האָבן דערזען יעדער טייערע זאַך.

ער האָט פאַרשטעלט פלוס, ער זאָל ניט איבערפלוסן;
און די זאַכן, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן האָט ער
אַרויסגעבראַכט אין ליכט.

נאָר ווו זאָל חכמה געפונען ווערן?
און ווו איז דער אָרט פון פאַרשטענדיקייט?
דער מענטש האָט ניט געוווּסט דעם ווערט פון דעם;
און איז ניט געפונען אין דעם לאַנד פון די לעבעדיקע.
די טיפעניש זאָגט: ס׳איז ניט אין מיר;
און דער ים זאָגט: ס׳איז ניט אין מיר.
מען קאָן דאָס ניט קריגן פאַר גאָלד,
אויך ניט זילבער זאָל מען וועגן פאַר דעם פרייז דערפאַר;
מיט די טייערסטע נאָגלשטיין, אָדער סאַפּירן.
דער גאָלד און דער קריסטאַל קאָן דאָס פאַרגלייכן.
און די אויסבייט פון דעם זאָל ניט זיין פון צירונג פון ריינעם גאָלד.
ניט דערמאָנט זאָל זיין פון קאַרעלן, אָדער פון פערל;
ווייל ו׳ער פרייז פון חכמה איז איבער רובינען.
דער געלער איידלשטיין פון עטיאָפּיע זאָל ניט פאַרגליכן ווערן,
אויך זאָל ניט אָפּגעשאַצט ווערן מיט ריינעם גאָלד.

פון וואַנען דען קומט חכמה?
און ווו איז דער אָרט פון פאַרשטענדיקייט?
זעען איז באַהאַלט פון די אויגן פון אַלע לעבעדיקע,
און געהאַלטן פאַרשלאָסן פון די פויגל פון דער לופט.
פאַרניכטונג און טויט זאָגט,
מיר האָבן געהערט די באַרימטקייט פון דעם מיט אונדזערע אויערן.
גאָט פאַרשטייט דעם וועג דערפאַר,
און ער ווייס דעם אָרט.
ווייל ער קוקט צו די סופן פון דער ערד,
און דעם זיצן אונטערן גאָר דעם הימל,
און ער האָט געוועגט די וואַסערן ביי מעסטן.
ווען ער מאַכט די באַשלוסן פאַר רעגן,
און אַ וועג פאַר די בליצן און די דונערן;
דערנאָך האָט ער געזען און דערקלערט דאָס;
ער האָט דאָס צוגעגרייט געוויס, ער האָט עס אונטערזוכט.
און צו דעם מענטש געזאָגט,
זע, דער שרעק פון גאָט, וואָס איז חכמה;
און צעשיידן זיך פון שלעכטס איז צו פאַרשטיין.

(פון בוך „דזשאָב״, קאַפּ. 28)

## יוגנט און עלטער

### (פון די קלוגע)

געדענק, איצט, דיין באַשעפער אין די טעג פון דיין יוגנט,
ווייל די שלעכטע טעג קומען ניט;
אויך ניט די יאָרן פאַרנאַרן כמעט, ווען דו זאָלסט זאָגן:
„איך האָב ניט פאַרגעניגן אין זיי״;
ווייל די זון, אָדער די ליכט,
אָדער די לבנה, אָדער די שטערן, ווערן ניט פאַרטונקלט,
אויך ניט די וואָלקנס קערן זיך אום נאָכן רעגן,
אין דעם טאָג ווען די היטערס פון הויז זאָלן ציטערן,
און די שטאַרקע מענטשן זאָלן זיך בייגן אַליין,
און די שלייפער האָבן אויפגעהערט ווייל זיי זיינען עטלעכע,
און יענע, וואָס קוקן אַרויס פון די פענסטער, ווערן פאַרטונקלט.
און די טירן זאָלן זיין פאַרמאַכט אין די גאַסן;
ווען דער קלאַנג פון די שלייפער איז פאַמעלעך,
און ער זאָל זיך אויפהייבן ביי דער קלאַנג פון די פייגל,
און אַלע טעכטער פון די זינגערס זאָל געבראַכט ווערן נידעריק;
אויך ווען זיי זאָלן מורא האָבן אויף דאָס וועלכע איז הייך,
און פחד זאָל זיין אין וועג;
און די מאַנדל־בוים זאָל בלומען,
און די היישעריקן זאָלן זיין אַ לאַסט
און פאַרלאַנג זאָל פעלן;

ווייל דער מענטש גייט צו זיין לאַנגער היים,
ווען די אבלים גייען איבער די גאַסן:
אָדער קיינמאָל די זילבער פאָדים וועט ווערן לויז,
אָדער די גאָלדענע שיסל וועט צעבראָכן ווערן,
אָדער דער קרוג וועט צעבראָכן ווערן ביים קוואַל,
אָדער דער ראָד צעבראָכן אין אַ וואַסער באַהאַלטער.

דאַן זאָל די שטויב צוריקקומען צו דער ערד ווי ס'איז געווען,
און דער גייסט זאָל זיך אומקערן ביז צו גאָט ווער ס'האָט געגעבן.

די אײדלקייט איבער אײדלקייטן, זאָגט דער פּרעדיקער,
אַלץ איז אײדלקייט.

(פון די הייליקע שריפן, קאַפּיטל 12)

## בלעם׳ס בענטשן

ווי גוט זיינען דיינע ביידלעך, ,אָ יעקוב,
און דיינע הייליקע געצעלטן, אָ ישראל!
ווי די טאָלן זיינען זיי אויסגעשפּרייט ווייט,
ווי גערטנער ביי די טייכן פון זייט,
ווי די ביימער פון גן־עדן־האָלץ, ווי גאָט האָט זיי געפלאַנצן,
און ווי די צעדער־ביימער פון זייט די וואַסערן,
און זיין מלך זאָל זיין העכער פון עוג׳ן,
און זיין קעניגרייך (מלכות) זאָל זיין דערהויבן.

גאָט האָט אים אַרויסגעבראַכט פון מצרים;
ער האָט ווי געווען דער כוח פון אַ נאָזהאָרן־עלעפאַנט;
ער זאָל אויפעסן די פעלקער זיינע פיינט,
און צוברעכן זייערע ביינער,
און דורכלעכערן מיט זיינע פיילן.

ער האָט צעלייגט, ער האָט אַוועקגעלייגט ווי אַ לייב,
און ווי אַ גרויסער לייב; ווער זאָל אים אויפרייצן?
געבענטשט איז ער, וואָס האָט דיר געבענטשט,
און פאַרשאָלטן איז דער, וואָס שילט דיך.

(פון בוך נומערן, קאַפּ. 24)

## דער פערד

האָסטו געגעבן דעם פערד קראַפט?
האָסטו געקליידעט זיין האַלדז מיט קלאַפּן?
קענסטו מאַכן אים שרעקענדיק ווי אַ היישעריק?
די הערלעכקייט פון זיינע נאָזלעכער איז שרעקלעך.
ער שפּאַנט אין טאָל, און פרייט זיך אין זיין שטאַרקייט:

ער גייט צו באַגעגענען די כלי־זין מענטשן,
ער שפּאָט פון שרעק, און ער איז ניט שרעקעדיק;
אויך ניט קערט ער זיך אָפּ פאַרן שווערד.
די שיידל טרייסלענדיק אַקעגן אים,
די גליטערינג שפּיז און פּאַנצער שילד,
ער האָט דערשלונגען די ערד מיט גרויזאַמקייט און צאָרן;
ניט געגלויבט האָט ער דאָס איז דער קלאַנג פון אַ טרומפּייט.
ער האָט געזאָגט צו וויסן די טרומפּייטן, האַ! האַ!
און ער האָט געשמעקט די שלאַכט פון ווייטן,
דעם הילך פון דעם קאַפּיטאַן און די זאַלפן. (פון „דזשאָב", קאַפּיטל 39)

## פון קהלת

### צייט פאַר אַלעסדינק

צו אַלץ איז דאָ אַסיזאָן,
און אַ צייט צו יעדער זאַך אונטערן הימל:
אַ צייט צו געבוירן, און אַ צייט צו שטאַרבן;
אַ צייט צו פלאַנצן, און אַ צייט אַראָפּצונעמען ווען וואָס איז געפלאַנצט;
אַ צייט צו טייטן, אַ צייט צו היילן;
אַ צייט צו צעברעכן, און אַ צייט צו אויפצובויען;
אַ צייט צו וויינען, אַ צייט צו לאַכן;
אַ צייט צו טרויערן, אַ צייט צו טאַנצן;
אַ צייט צו אַוועקוואַרפן שטיינער, און אַ צייט צו צוזאַמענקלייבן שטיינער;
אַ צייט זיך אַרומצונעמען, און אַ צייט זיך אָפּצוהאַלטן פון זיך אַרומנעמען;
אַ צייט צו קריגן, און אַ צייט צו פאַרלירן;
אַ צייט צו האַלטן, אַ צייט אַוועקצוּוואַרפן;
אַ צייט צו רייסן, און אַ צייט צו נייען;
אַ צייט צו זיין שטיל, און אַ צייט צו ריידן;
אַ צייט צו ליבן, אַ צייט צו האַסן;
אַ צייט פון מלחמה, און אַ צייט פון שלום.

## דאָס האַרץ ווי אַ זייגער

די נאַכט ברענגט ניט רו צום צעטומלטן מוח.
עס וועבן זיך, פלאָנטערן פון טעגלעכן יאָך.
דאגות צוקנייטשן, צוברעכן דעם כוח;
שלאָף וויל ניט קומען און מאַטערט מער נאָך.
ים טרעפט אַמאָל איז אויך רואיק און שטיל:
וואָרום, געמיט מיין, האָסטו קיין רו?
אומרואיק, תמיד, ווי אַ סקריפּנדער מיל —
פאַרגעס ניט, אַז אויפרעגן זיך טאָרסטו ניט דו!...
דער דאָקטאָר געזאָגט האָט, אַז האַרץ איז אַ זייגער;
דער זייגער פאַרמאָגט אַ הערעלע דין...
דו דרייסט עס צו שטאַרק אָן — ווי דו האַוועסט אַ שטייגער —
דאָס הערעלע פּלאַצט... — דעם משל געפין...

## האָסט מיר געלערנט

דו האָסט מיר געלערנט
אָן ווערטער צו ריידן.
האָסט זיך ניט געווערנט
ווען מיר האָבן זיך צעשיידן.

„דער הימל — האָסטו געזאָגט —
האָב געזען אין דיינע אויגן״ —
און ווען דער מאָרגן האָט געטאָגט —
האָב דיין קוש נאָך געזויגן.

האָב אַליין דיך געזוכט
און האָב ניט חרטה.
ס׳איז גן־עדן, האָט מיר געדוכט —
מיר האָבן געזונגען די זעלביקע נאָטע...

## אַזוי מאָלט זי מיין פען

איך האָב זי קיינמאָל ניט געזען
און טראָג זי אַרום אין געדאַנק,
ווי זי וואָלט אַ הייליקייט געווען
און טראַכטן פון איר איז געשאַנק...

זי שוועבט ווי אַ מלאך אַ רום,
פלאַטערט ווי אַ טויב אין דער לופט.
ווי זי וואָלט גערעדט צו מיר — קום! —
ווי זי וואָלט מיין נאָמען גערופט.

ווי אַ שטערן, זי שטראַלט אין דער נאַכט —
איך האָב זי קיינמאָל ניט געזען.
ווי אַ וואָגלער איך גיי אַרום פאַרטראַכט —
אַזוי מאָלט זי מיר אויס, מיין פען.

## אַ קינד

דאָס ערשטע וואָרט פון אַ קינד, איז ווי געזאַנג פון מלאכים.
דאָס ערשטע טראָט־שטעל, איז קלאַנג פון אַ ריטם.
דערנאָך ציען פון האַלדז זיך און ווערטער קומען נאָך אים
און פיסעלעך זיך הייבן — און צו גיין ציט אים...

און זאַצן אים קומען, ווי שטראָמען פון ים,
און פיסעלעך שפרינגען און ווערן ניט מיד.
און ריידעלעך קומען מיט זאַפטיקן טעם —
פון קליינינקן מענטשעלע ווערט אויסוואַקסן — אַ ייד.

# לידער פון הארץ

## טייערער טאַטע

טייערער טאַטע. איך שרייב דיר די דאָזיקע שורות
פון האַרצן פון טיפן.
און כאָטש מיינע ווערטער זיינען פשוטע —
אמתע געפילן פון זיי טריפן.

דו ביסט די ליכט פון מיין לעבן,
מיין וועג ווערט גרינגער צו גיין.
און ווען איך זע דיך אַמאָל לאַכן
דאַן זאַכן ווערן מיר שיין.

טאַטע, האָסט געגעבן מיר גלויבן,
ווען מיין גלויבן איז נידעריק געווען;
מיט פאַרשטענדלעכקייט און צערטלעכקייט
האָסטו מיך געלערנט, וואָס ניט און וואָס צו זען...

צוליב דיר גיי איך איצטער איבער
אַ שטעזשקע פון גערעכטיקייט.
פאַר דעם דאַנק איך דיר פאַר אַלץ —
האָסט פאַרגרינגערט מיין האַרטע נעכטיקייט...

ליבער טאַטע, איך וואָלט דיר צודריקן געוואָלט.
כ׳וואָלט געוואָלט פון דיר קיינמאָל זיין געשייד.
טייערער טאַטע, איך באַשרייב דיר אין די שורות
און דאַנק דיר, און אַכט דיך, ביזן טויט!...

1932

## דו ביסט אַ נאַציכע

(צו ג.)

דו ביסט איידל, דין. דיין גרויקייט פּאַסט דיר.
דיין גוף איז מיידליש — ביסט נאָך אַ בתולה!
און איך פיל דיין הייסן אָטעם דריקט אויף מיר —
דיינע אויגן בעטן: איך בין ריין — אַ פולע...

פיל לידער האָב פאַר דיר געשריבן —
דו, ווי אַ גרוילעך שמעטערלינג — פלאַטערסט!...
„זאָג שוין פריינט! און גרייט ביסט שטיין געבליבן;
„גענוג שוין, גענוג — דו מאַטערסט!...״

איר בליק האָט מיך געצויגן און געוואַרעמט.
נאָר געוויסן האָט אין מיר געעקבערט:
זי איז אַ „נאַציכע!״ — האָט אין מיר געליאַרעמט.
נאָר פאַר איר ריינקייט, האָט מיך שטאַרק געערגערט...

1946



הענרי באַרבוס



חיים נחמן ביאַליק

# וואָס גוט איז מיין גאַנצער פאַרמאָג

אַמאָל, ווען איך זיץביים שרייב־טיש,
זוך ווערטער צו שרייבן אַ ליד.
זע, אַז די זילבן זיין זאָלן געמאָסטן —
יעדע שורה אין גראַמען געשמידט.

תמיד שטייסטו מיר אַנטקעגן —
דיינע אויגן בלויע — פרעגן:
וואָס געהאַט האָסט פון דיין האַנדלען?
אָפּגעשפּאָרט וואָס פון דיין וואַנדלען?

— אַלץ האָב געגנוג — אַ חוץ ליבע!
אַלט שוין, אַלט — יאָרן וויל ניט ציילן.
וואָס גוט איז מיין גאַנצער פאַרמעגן —
האָב ניט מיט וועמען זיך צו טיילן!...



בר מצוה



תקון חצות

## האָב געטראָגן אין זיך

שוין לאַנג דיר געוואָלט זאָגן,
נאָר מוט האָט געפעלט.
ס׳איז אין מיר געווען אָנגעלאָדן,
מיין כאַראַקטער — פאַרשעלט.

האָב געטראָגן אין אין זיך,
מיט ציטער דעם וואָרט.
האָב געקוקט אויף דיר —
נישט געקענט זאָגן דיר פאָרט...

אויגן אַרונטער, ביסט געשטאַנען שטיל.
די נעגל קאַלופעט, ניט קוקנדיק אויף זיי.
איך בייס זיך די ליפן, אַזש אַ ווייטיק דערפיל —
ווי כ׳וואָלט אַ שטומער געווען — כ׳שטיי.

האָסט זיכער דערוואַרטעט...
דיינע טויבישע אויגן ריידן צו מיר,
ווי זיי וואָלטן זאָגן: אוי ביסטו פאַרהאַרטעט —
וואַרום שטיין דאָ? — קומט אויף אַ שפּאַציר!...

## דיין שטומקייט האָב פאַרנומען

איך האָב דיין שטומן בליק פאַרנומען,
ווען דו ביסט צו מיין שוועל געקומען.
דאָס פינטל פון דיין אויג האָט געפלאַמט
און מיט דיינע פינגער האָסט די האָר זיך געקאַמט.

געקוקט אויף דיר, דיין שטומקייט האָב פאַרנומען.
צו דיר צו, רואיק, דיך אַרומגענומען.
האָסט געציטערט, ווי אַ בלאַט אין ווינט
און זיך געטוליעט, ווי צו אַ פאָטער טוט אַ קינד.

האָב געפילט, דיין וואַרעמקייט באַדעקט מיך
און די אַלטע ליבע האָט אין מיר דערוועקט זיך.
האָב געשוויגן, ניט אַ וואָרט געפרעגט דיר;
האָב געזען ווי מיט הייסע טרערן דו באַדעקסט זיך.

דיין קליין פיגור, צו מיר, האָט זיך געטוליעט;
דיין שטורעם־האַרץ־קלאַפּ האָט געטאַנצט, געהוליעט.
ס׳האָט געטונקט זיך, זון מיט לעצטע שטראַלן —
דיין שיינער קאָפּ אויף מיין ברוסט איז שטיל געפאַלן.

## ווּ איז דאָס וואָרט

דאָס וואָרט ליגט באַגראָבן אין געדאַנק
און קאָן זיך ניט אויסשיילן.
איך פיל כּאַרשעמט און איינגעקלעמט:
אַ פּולער מויל, ווי מיט הייסע קוילן.

כ׳געדענק. כ׳בין געווען אַמאָל אַ שיינער רעדנער.
מיט שטורעם גערעדט אויף ראָגן און גאַסן.
איך האָב זיך מיט ווערטער געשפּילט
און באַצויבערט מענטשן און מאַסן.

איצט שטיק זיך אַ וואָרט צו געדענקען,
כּאַרבינדן אַ וואָרט מיט אַ צווייטן.
נאָר געפינען אַ וואָרט, וואָס איך זוך,
לאָזט זיך ניט באַגלייטן...

דערפאַר מייד איך אויס מיט מענטשן דעבאַטירן —
עס פעלט דער „רעטאָריק" צום ענין.
בלייב איך שטיין אַזוי ווי אַ צעמישטער
און זוך דעם המציאה צו געפינען.

צי האָט די עלטער מיך פאַרלאָזט,
צו קלייבן ווערטער צו דעם זאַץ?
אגב, ביים שרייבן איז נאָך ניט אַזוי שלעכט,
נאָר ס׳קומט צו שמועסן — כּאָטש שווייג און פּלאַץ!...

## פאַר א שלאָף באַד

הייסע זון, קאַלטער פייער, היץ מיט זיסע לופט.
שוואַרצער שאָטן, שיינע הייל־שוועסטער, שאָטן אויף מיינע האָר;
שיין זון; ברען פייער; אָטעם לופט און באַרו מיך.
שוואַרצער שאָטן, שיינע הייל־שוועסטער, דערלאָז מיך ניט
פאַרברענט צו ווערן.

באַשאָטן, זיס, הייל־שוועסטער, באַשיץ מיך, היט מיך נאָר;
מאַך ניט מיין צופרידנקייט, צופרידנקייט פון אַ טרויער־יאָר.

לאָז ניט מיין שיינקייט־פייער
אויפצופלאַמען, אומבאַפּלעקטן כּאַרלאַנג;
אויך ניט רייצן מיין ליכטיק אויג,
וואָס וואַנדערט לייכטלעך זיין וועג מיט געזאַנג...

## לאָז איבער מיין האַרץ

לאָז מיר איבער דער וועווערקעס פאַרלאָזענעם נעסט,
די רויטע פויגל־פלאַטערדיקע, אויסגעפוצטע מיט חן.
דער וואַסער־שלאַנג באַהאַלט זיך פון ברענענדער זון
און דיינע ווונדער־טענער, קלינגען צויבערדיק און שיין.

איך זוך מיר ניט קיין כבוד, ווי מענטשן דאָס גלאַנץ
און זונליכט איבער מיר און ווערטפולע זעלטענע בוימער.
די זיינען פריינט, וואָס שפּאַסן ניט, פרעגן ניט, טומלען ניט —
אָן אימפּעריאַלע־מאַנטלען, באַוואָפנט מיט די צייכנס פון די רוימער.

גיי לאָז מיר איבער מיין האַרץ, אין צושמעלצטן פרידן;
לאָז מיר איבער ווי טראַט־פיש,* נאָר זאָג מיר דאָס אַליין —
דיין פריינטס קורצע שעהן האָט דיר געבראַכט ליידן — אַביסל? —
אַזוי ווי דאָס פויגל גיט אַרויס קלאַנגען מיט געוויין...

* אַ פיש מיט שאַרפע ציין.

## פון יענע, וואָס זוכן

ווערטפולע זאַכן האָב איך אויסגעפונען — שפּעט
פון יענע, וואָס זוכן די זאַך ווייטער — באַשערט,
פאַר ליבע און פאַרזעצונג; איז ווי ס'גליקט
און דער שלייער פאַרדעקט דעם באַהאַלטענעם ווערט.

ער רייזט ווייט אין אַנדערע הימלען;
זיין קליידונג גליטערט אויף די שטיינער.
און אָט „אַ פרינצעס" מיט פריילעכע אויגן,
און טרעט נאָך גרינגער, ווי אַ פוקס אַ קליינער.

## געדולד

געדולד — ניט צו באַשולדיקן,
ווייל כ'האָב קיינעם באַליידיקט.
איך ווייס, זיי ווייסן סיי ווי סיי,
הגם זיי האָבן געביטן זייער מחשבה —
איז ווען אַ מחשבה געווען ס'האָט געפירט
צו האַסן; צו האַסן ווען מען ליבט?

געדולד פון גאָר מיין שאָדן,
ווייל גליק איז מיין שנאה;
געדולד מוז האָבן רייץ
צו היילן פון מיין וויי.
געדולד אָן אַ זינד
איז שמערצלעכער — געדולד.

## שטימונג ביים אויפדעקן פרץ הירשביינס מצבה

היינט, השון י״ב, תשי״ב,
האָט מען אַ מצבה דיר אויפגעשטעלט.
פּשוטע ווערטער: „פּרץ הירשביין״!
די ווערטער, זיי האָבן פאַר מיר זיך געטראָגן
אין שווינדל־געדריי, מיט אַ מאָדנעם געשריי.
פרעג איך: ווארום איז דאָס אַלעס אַזוי?

ביי דיין קבר זע איך פּנימער פאַרוואָלקנטע,
שרייבער, קינסטלער און פריינט.
ווערטער מען פלעכט, געווייקטע אין בלומען;
אַפילו די זון האָט פאַראָבלט געשיינט...

בלומען, אין אַלערליי פאַרבן, האָבן דיין קבר געהילט.
וויניקע האָבן שמייכל געטראָגן אין פּנים.
פאַר מיר האָבן דיינע רייד,

ווען „טענענהאָלץ״ האָט זיי ווי אין לעבן געשפּילט;
ווען דיין זון האָט קדיש געזאָגט, האָט מיר געדוכט,
אַז דו שטייסט! שטייסט און זוכסט!...

איך בין ניט קיין קריכער, איך בין ניט קיין שטופּער,
נאָר פון ווייטן האָב איך טרערן געשלונגען.
און ווען דער חזן האָט אזכרה געמאַכט —
האָבן מלאָכים אין מיינע אויערן פאַר דיר געזונגען.

אַרום, אַרום מצבות, עדות — ס׳איז דאָ שלום!...
קיין גיציקייט, קיין פּוסטקייט — גרויס;
אַז דאָס גאַנצע האַווען, דאָ, איז נאָר אַ חלום —
דער גאַנצער הו־האַ איז נאָר אַ רגע בלויז!...

האָסט דעם צווייטן אין די געדערים ניט געקראָכן,
האָסט דעם צווייטן קיין ווייען ניט פאַרשאַפט;
חבריש געוועזן צו דיין שכן —
פון דיינע טיפע אויגן האָבן פריינדשאַפט נאָר געזאַפט.

כ׳האָב ביי דיין קבר, שלאַנגען־מענטשן דאָרט געזען,
וואָס זייער פּנים און וואָרט איז גיפט;
ס׳האָט אין זיי געברענט אַ העליש־ברען —
פון זייערע אויגן האָט סם, סם, סם געטריפט!

איך בין שטיל אַוועק מיט גיכע טריט,
דעם טרויער אין מיין שטוב געבראַכט
און אין מיין גרויסן צימער זע איך דיך אין דערמיט —
אַ גאַנצע נאַכט האָב איך פון דיר געטראַכט...

## נאָלן נאָלן

וואָרצלט דאָס נאָגעניש אין האַרצן טיף,
קיין פריינט אין איינזאַמקייט קאָן מען ניט געפינען.
ווי אין מיטן ים וואַרפט זיך אַ פאַרלאָרן שיף —
ווי קאָן מען פון איינזאַמקייט אַנטרינען?

לייענסט, לייענסט ס'איז פול דיין קאָפּ.
גייסט אין גאַס פון קיינעם ניט באַמערקט.
צוריק אין שטוב; זיצסט, ליגסט, ס'מאַטערט; ווידער גייסט אַראָפּ.
שפּאַנסט אָן ציל, פאַרגאַנגענהייט מאָלסט, מאָלסט — פאַרקלערט.

דיך מאַטערט די שאַרפע עלעקטריק־ליכט פון גאַס;
דער טומל גרילצט און האַמערט דיין געהער.
ס'טראָגט דיך, פילסט צו אַלץ און אַלעמען אַ כעס —
און אין האַרץ נאָגט און די פיס טרעטן שווער.

קיין שלוב, ווען גייסט אַראָפּ; קיין שלום, ווען קומסט אַהיים.
דיין געלעגער, ווייכער קישן, איז דיר האַרט!
שלאָפלאָז, חלומסט, וויזיאָנען קריכן אַזוי געהיים —
פילסט זיך ווי אין הפּיסה וואָלסט געווען פאַרשפּאַרט...

עס ווייַנט אין דיר אַ פאַרלאָרענער חלום,
וואָס דו טראָגסט נאָך פון דיין יוגנט־צייט.
ביסט גרייט אויף אַלע גרוילן — ס'איז בלויז אַ חלום —
עס גייען פאַר דיינע אויגן — נאָלן — נאָלן — די אייביקייט!...

## אין גאַס אַ פרימאָרגן

היינטיקער מאָרגן לאַכט מיר אין פּנים.
צי מיינט ער מיר רייצן, ווי מיינע שונאים?
צי וויל ער מיר אויפלויכטן, מיינע פאַרטונקלטע אויגן,
וואָס זיינען מיט אָדערלעך רויטע באַצייגן?

די פיס גייען זייער ווענ, ווי דער פערד אין שטאַל;
זאָרגן ווערן ניט גרינגער, צרות ביטער ווי גאַל.
לויפן פאַרשפּעטיקטע עבדים; איינגעקוועטשטע אין אויטאָבוס,
ווי הערינג אין אַ פעסל — פּנים צו פּנים, נאָז צו נאָז.

וויל איינער אַרונטערשטייגן — קריגט ער זייטן צעביילט.
יעדער מיט אָטעם־פאַרכאַפּטן ווערט געיאָגט און געאיילט.
לויפט אַ ווייס צייגל; הינט צען לויפן נאָך איר.
אַ שיכור זויפט זיין פרישטיק — אַ גרויסן פלעשל ביר...

יאָג איך מיין וועג, אין שטראָמיקן געיעג.
פיס מיינע גייען, טאָג נאָך טאָג, דעם זעלביקן וועג.



שלום עליכם



דיימאָנדשטיין בײַ דער אַרבעט אין זײַן גאָרטן



זעלבסט-פּאָרטרעט

## וואַרום

1

ווען איר האָט מיך באַליידיקט,
האָב געליטן און געשוויגן.
נאָר טיף די ווונד געטראָגן —
ווי אַ קראַנקער וואָלט געלעגן.

כמאַרעס האָבן באַדעקט די ברעמען
און אַ פייכטקייט אין די אויגן.
אַן אומבאַוווּסטער ווייטיק —
האָבן די טרערן געזויגן.

2

וואַרום האָבן מענטשן הנאה,
דעם שטילן, דעם איינזאַמען טרעטן?
מען באַטיטלט אים מיט שפּאַסיקע נעמען —
ווי זיי וואָלטן מיט גוטעס באַזעטיקט.

אַזוי — איז מיין לעבן פון תמיד,
איך טו יענעם קיין ווייטיק צו פאַרליידן.
און יעדער וואַרפט אויף מיר מעסערס —
און פאַלשע ידידים — באַריידן.

# אינזיכיסטישע לידער

## אַריבער זיבעציק

שוין אַריבער זיבעציק —
ווי אַ טומאַן איבער מיר,
פאַרדעקן די שטערן,
אין מיין פינקס — פאַרשריבן.
ווי גיך האָט פאַרשווונקט,
מיין טרוים האָט געבליט.
די רשעים אין מיין וועג —
לאַכן מיט מעסערס...

אַ קרבן פון ציניקער,
זינגען מיט קללות.
דער הימל דערדריקט מיך —
גיי איך, פאַרהויקערט
און שעם זיך — פאַר מיינע פייניקער...

## הער זיך צו

הער זיך צו גוט
צו דיין אייגן געהער.
וועסט הערן דעם האַרץ־קלאַפּ
פון טיף פון דער ערד;
וועסט הערן דעם רויש,
דעם קרעמפּ, אין געדערים:

עס קאָכט דאָרט, מיט אייל,
מיט אייזן, מיט קופּער,
מיט זילבער, מיט גאָלד,
מיט איידעלע שטיינער.

זע זיך צו גוט
ווי רשעות רעגירט.
הויב אויף דיין קול
און הויך שריי אויס:
סדום!...

## קעלט ברענגען שנייען האָרבעס

קעלטן ברענגען שנייען האָרבעס,
שטיבער איינגעגראָבן, ווי די קברים.
לויפן הינט און זוכן, בילן —
אַלץ האָט דער שניי באַגראָבן.
יאָגט אַ שליטן, קלינגען גלעקלעך,

און אַ טרויקע שוואַרצע פערד.
ציטערט, קראַקעט, אַ וואָראָנע
און אַ פייגעלע באַהאַלט זיך
אין אַ שפּאַלט פון אונטער דאַך.
ערגעץ הערט אַ האָן זיך קרייען
און דער שטאָט־זייגער שלאָגט אָפּ
צוועלף!
און פון די קוימענס שטיקער וואַטע קריכן —
אַ ווייכן פּאַנטל טראָגט דאָס שטעטל,
און די לבנה שפּאַצירט און שמייכלט.

## ווי מוראַשקעס

אַ שווערער ריח האָט געקאַפּעט
אויפן גרויען מאָרגן־אָנקום.
אַ קלעפּיקע פייכטע נעץ
האָט אין די ביינער איינגעשניטן.
רוקט זיך, קריכנדיק, דער נייער טאָג,
צעשפּרייט זיך איבער שטאָט,
ווי אַ שלאַנגען־קייט די גאַסן.
יאָגן זיך די מענטשן
אין די לאַבירינטן נעצן —
ווי מוראַשקעס:
קריכן אַריין און אַרויס —
האָרעווען, פרייוויליקע —
שקלאַפן...

ווערט דער טאָג־ליכט עלעטריע...
אין די גאַכן טאַנצן פרויען־קנאַפּלען.
אויטאָבוסן שלינגען מענטשן;
טראָגט זיי, שפּייט זיי אויס
צו זייער באַשטימטקייט.
און די טראָטואַרן שייערן
די שיך־אָפּצאַסן,
מיט מאַרשירענדיקן געקלאַנג.
עס קייקלען זיך די שעהן
און פון די לאַבירינטן־סאָבווייס,
שטראָמען מענטשן־מאַסן —
ווי מוראַשקעס...

## האָט איר געהערט ווען דער ווינט

האָט איר געהערט, ווען דער ווינט
צעזינגט זיך?
און גייט אַריקודל מיט ביימער אין וואַלד.
ער פייפט אונטער און בלעטלעך פאַלן,
ווי זיי וואָלטן ווי האָפּן באַשיטן —
פאַר חתן און כלה.

אַזוי לאָז זיך אַוועק,
ווען אומעט באַדריקט מיך —
און נעם זיך אַרום מיט הענט אין די באָקעס,
אַזוי ווי אַ יינגל צעשפּרינגט זיך.
נאָר די ביינער די אַלטע, קרעכצן און זאָגן:
דו אַלטער נאַר!
וואָס האָט דיך די שמחה צעטראָגן?

דער לעצטער ביס איז באַטעמטער —
באַלעקסט אַפילו די שפּיצפינגער.
יאָ — אַפילו אַן אַלטער וויל אַ שפּרינג טאָן —
אַזוי פלעגט ער טאָן, ווען ער איז געווען
אַ יינגל...

## שוואַכלינגע גייען אונטער

שוואַכלינגען גייען אונטער — פאַר דער צייט;
דער העלד ווייסט, אַז מען שטאַרבט נאָר איין מאָל —
נאָר קיינער וויל ניט שטאַרבן.
ס'איז ניט דער שרעק, נאָר מען וויל לעבן.
מען ווייס, דער טויט וועט דיר ניט פאַרבלאָנדזשען...
שטאַרבן וויל ניט דער גרעסטער העלד!

דיין גאָט איז דיין אמת, ווען דו פאַלסט...
ביסטו אַ געבענטשטער, אַ מאַרטירער, —
דער העלד פאַרזוכט קיין מאָל דעם טויט.
אומשטערבל'עכע זיינען קיין מאָל די פייגלינגע.
צום נאָמען פון העלד, באַצייכנט זיין טיטל:
דער קלאַפּ פון טויט איז ווי אַ געליבטערס קוש...

## ער האָט איר געפרעגט

ער האָט זי געפרעגט און זי האָט געוויינט:
ס׳איז געקומען אַ חלום צו מיר;
ער איז געלעגן איבער מיר, זיין אָטעם
האָט מיך פאַרברענט;
ער האָט מיך געקושט,
די הענט אַרום טאַליע,
האָט ווי פייער געפלאַמט...

ווען די גלי האָט אויסגעוועפט...
האָט ער מיר געזאָגט:
איצט וועסטו ווערן אַ מאַמע!

## העבע

העבע, *
געטין פון יוגנט —
איז עפּעס איבערגעבליבן פון דיין נעקטאַר?
איך בין אַלט און בענק נאָך יוגנט.

העבע —
ביסט געטין פון יוגנט —
טאָ פלאַנץ מיר צו מיט דיין געטלעכקייט —
שענק מיר אַ ביסל פון דיין נעקטאַר;
דערקוויק מיר מיינע אָפּגעלעבטע
יאָרן.

העבע —
האָב מיין יוגנט פאַרשפּילט
אין איינזאַמקייט, אין טרוימען;
אין דיכטן לידער.
געבענקט נאָך ליבע.
וואַרום האָסטו מיך פאַרזען, העבע?
ביז היינט שטורעמט מיין פּולס;
באַקלאָג מיין ניט געלעבטע יוגנט —
העבע,
געטין פון יוגנט!

---

* געטין פון יוגנט ביי די גריכן. פלעגט פונאַנדערטראָגן די געטער אויפן אָלימפּ דעם געטלעכן געטראַנק „נעעקטאַר״.

## וואַרום איז דאָס אַזוי

עס האָבן געשטאַלטן, אַרום מיר,
מיט ביינערנדע פינגער געסטראַשעט —
האָב מיינע אויגן פאַרמאַכט,
געטראַכט — און זיך צעלאַכט —
פריי געלאָזן מיין געהער
און פאַרשטאָלט מיין טראָט,
ביז געפילט ווי פאַראייזט
און געהאַלטן אָטעם פאַרשטייפט...
ביז דאָס האַרץ האָט פאַרשטילט.
דאַן ווידער געעפנט די אויגן
און געאָטעמט שווער
און געצויגן טיף...

בין שטיין געבליבן — אַרומגעטראַכט:
וואַרום, וואַרום איז דאָס אַזוי?
אַ פלאַם איז דורך פאַר מיינע אויגן.
דאָס האַרץ האָט געקלאַפט,
מיט אַ גיכן טיק־טאַק —
און דער מלאך־המות —
שטייט און לאַכט!

## פרעג ניט וואַרום

פרעג ניט וואַרום — איך האָב ניט דעם ענטפער!
די שעהען לויפן ווי דער באַן;
דער הימל טראָגט מיט זיך פעקלעך וואָלקן
און איך — איבער דער וועלט שפּאַן און שפּאַן.
איך טראָג אויף מיין פלייצע די טאָרבע פון דאגות:
די דאגות פון יתומים, אלמנות;
עס שמערצן די אויגן פון זאַלציקע טרערן
פון קלאָגן נאָך די היטלער־קרבנות...

## מיין מאַמע די פאַראַשטע הער וויינען

קאַלט איז די נאַכט, הימל אָן שטערן.
פאַרמאַטערט איך וואַנדער אָן ציל.
פאַרשטעל מיר די אויערן — די שטילקייט ניט הערן.
אַך! ווי מענטשן מאַטערן איינער דעם אַנדערן.
גאַסן פאַרפּילן, סודות, הינטער מיין פלייצע —
שרעק פילט די הענט אין מיין קעשענע.
פיל פון אַרום אויגן קוקן אויף מיר —
מיט אַ געלבלעכן מעשענעם אָפּשיין.

שלינג איך די שרעק מיט אויגן פאַרמאַכטע
און ס׳באַראַבאַנעווען אין שרעק מיינע ציין.
און שאָטנס שלייכן פון מח אויסגעטראַכטע —
מיין מאַמע, די פאַראַשטע, הער וויינען...

## ס׳מאַרשירן סקעלעטן און מאָנען

כ׳טראָג די צייט אויף מיין פּלייצע,
קוק איך טיף אין יעדן פּנים.
הילכט מיט גרויל אין מיין געהער:
זי איז ניט מיינע, זי איז ניט מיינע;
איך בין פון איר שוין אָבגעווינט!
גיי מיר רואיק מיט צעשפּרייטע טריט,
אַרום איז שטיל, פאַרכשופטער פאַרנאַכט.
צי וועל איך קאָנען אָט די רו פאַרדייען?
אַ ווייטער עכאָ פון מיין בראָך
שטייט אַקעגן —
ס׳מאַרשירן סקעלעטן און מאָנען!...

## רעוומאַטיזם

פאַרשמירטע פליאַמעס אויף די ווענט,
טראָגן צייכנס — מאָנען פאַרב.
יאָג איך זיך צום פריען שפּאַציר —
וועל באַגעגענען עמעצן און פרעגן:
צי ווייסן זיי אַ וועג, פריי, אָן שטיינער?...
מיינע פיס ציען פון אַרטרייטעס,
קיינער קומט ניט, שלום ברענגען.
פאַרגעכן האָט מען וועג פון מיין טיר.
וואָלקנס טורעמדיקע קייקלען זיך,
טרייבן מענטשן פון די גאַסן
און דער רעוומאַטיזם טרייבט מיך ווי אויף קוליעס...

## ווען משיח וועט קומען

צו שוואַך בין איך אין ווערטער,
מיין שמחה אויסצוזינגען.
ווען געזען די הייליקע ערטער,
וואָס האָבן פון מיין קינדהייט
ווי חלומות געטראָגן,
ווי מיין טאַטע פלעגט זאָגן:

ווען משיח וועט קומען,
וועט די ערד ציטערן.

בליצן, דונערן וועלן ברומען,
בערג וועלן זיך קנייטשן,
חיות אין פעגלען וועלן שטומען,
ווען משיח וועט קומען.

ווען משיח וועט קומען,
וועט ער זיך זעצן אויף אַ גאָלדן טראָן
און די גאַנצע וועלט וועט זיך צוהערן
צו זיינע באַפעלן און ער וועט לערנען,
ווי דער מענטש זאָל ליבן זיין שכן:
„ואהבת לרעך כמוך״
און רעגירן אויף צדק און יושר!...
ווען משיח וועט קומען...

## פאַרוועטס יאָגט דאָס לעבן

מיר אַלע וואַרפן אַרונטער די זינד;
מיר האַלטן זיך תמיד געדעכט;
מיר וואַרפן שעהען אַוועק,
ווי זיי זיינען גאָרניט ווערט.
ס׳איז ניט, וואָס מיר זוכן
צו וויסן, ווי פרייזלאָז די צייט איז.
מיר וואַרפן טעג אַוועק, פונקט
ווי זיי זיינען גאָרניט ווערט.
פונקט ווי מיר ווילן פאַרגעסן
דאָס עס לויפט ניט מיט טייוולשע פיס.
מיר וואַרפן יאָרן אין פוסטקייט —
ס׳איז דאָ צייט — ס׳האָט ניט קיין ווערט.
פאַרוועטס יאָגט דאָס לעבן.
— צרה איז, וואָס מיר פאַרשווענדן דאָס:
קיין צייט פאַרליר — אויב מיר טוען —
אונדזער צייט — זיין וועט מעגלעך צו שפעט!...

## איך וועל מער ניט וויינען

איך וועל מער ניט וויינען.
דערקענט מיך קיינער.
איר זעט מיך ערשטן מאָל.
קלערט ניט ווער איך בין.
זאָגט מיר ניט „שלום״ —
טרייבט מיך ניט אַוועק.
אָט גיי איך גלייך אַליין

און אין טאָל גרינעם־גראָז,
וועל איך מאַכן מיין בעט.
וועט קומען אַ וואָלף,
וועל איך זאָגן:
זיי מיין פריינט —
און אים געבן אַ גלעט...

## נעסטע רעגנדיקע נאַכט

נעסטע רעגנדיקע נאַכט:
וואָס האָסטו
דיינע שטעכענדיקע קינזשאַלן, שפּיזן
דורכגעשטאָכן מיינע ביינער?
דו ווילסט מיר קראַנק לייגן?
און שלאָפלאָז מיין געלעגער מאַכן —
דאָס ווילסטו?
ווילסט ס׳זאָל פון מיר טריפן, רינען,
ווי פון דיר?
איך האָב היינט גאַנץ פרי
געקריגט זיך מיט מיין ווייב,
וואָס האָט געוואָלט כ׳זאָל מיטנעמען
אַ שירעם אויף מיין וועג —
כ׳וועל חלילה זיך פאַרקילן...

נעסטע רעגנדיקע נאַכט,
מאָרגן וועט אַ פּרעכטיקע זון
דיך פאַריאָגן...
און איך וועל געבן אויספּרעסן
מיין מאַנטל
און מיין הוט.
וועל איך באַגעגענען אַ דאַמע —
וועל איך אויפהייבן מיין הוט
און זי באַגרעסן:
גוט מאָרגן!...

און פאַרגעסן דיך,
נעסטע רעגנדיקע נאַכט!

## יאָ איר וועט זאָגן

יאָ, איר וועט זאָגן — איך בין אַלט.
יאָ, — איך בין אַלט!
נאָר די הענט מיינע דריקן שטאַרק
מיינע פיס טראָגן מיילן ווייט,
און דער אָטעם כלינעט גרינג.

זעען זע איך ווי אַ קאַץ,
און די פּלייצע, ווי אַ ווירע גלייך.
דער מאָגן ווי אַ קינד פֿאַרדייט
און דער געהער — ווי פֿון אַ האָז —
שלאָף, ווי ווינטער — שלאָפֿט אַ בער.

פּיינט האָב איך צו הערן דזשאַז.
פּיינט האָב אַבסטראַקטע מאָלעריי —
הגם, פֿאַרבן רייך —
כאָטש די ליד איז אַן „אינזיכיסטישע" —
האָב ליבער אַ געמאָסטענע
שיין געגראַמטע ליד...
האָב ליב דעם שיין געשלעכט
און קאָן ליבן ווי אַ יונגערמאַן...

1946

## אַ בליק פֿון צוריק

פֿאַרטיפֿט אין שיינע מחשבות —
איך קוק אין מיין אַלבאָם —
געפֿונען יונגע זכרונות...
איך זע זיך אין העל־בלויע פֿאַרבן.
האָב זיך דערמאָנט:
איך בין איבער זיבן־צענדליק
און די בלום שטייט אַ פֿאַרדאַרטע...

שלאָג אַרויס אַ זיפֿץ צווישן די ציינער.
טו זיך אַ טרייסל ווי פֿון קעלט —
אַפּנים אַ יונגער, מיט ליכטיקע אויגן,
מיט פֿאַרכישופֿטן שמייכל,
מיט אַ קאָפּ האָר אַ בלאָנדן...
שיין ווי אַ פּרינץ —
פֿאַרליבט און געליבט!...

אַ בליק פֿון צוריק,
וואָס געווען
און פֿאַרגאַנגען...

## אַ ווירקלעכקייט

שיק מיר אַ צייכן, אַז קומען וועט פרייד,
פאַר שוואַרצע, פאַריאָמערדיקע יאָרן.
איך גיי שוין פאַרהויקערט,
באַוואָפנט מיט כל־ערליי צרות;
איך וואַנדער געדולדיק אויף פרעמדע גרענעצן,
אַ פרעמדער, פאַרהאַסטער, געיאָגט און דערנידערט.

שיק מיר אַ צייכן, אַז קומען וועט פרייד
אין מיינע יאָרן די לעצטע...
און ס'וועט מיר אַ בלי־טאָן
אַ הימל, אַ בלויער
און וואַרעם וועט גלעטן
די זון ווי אַ מאַמע...
און וועט מיר פאַרוויגן
מיט זיסע חלומות
און איך וועל אויפוואַכן
געפינען מיין חלום —
אַ ווירקלעכקייט!...

## די שטילקייט רעדט

צוויי אַלטע גייען, שטיל, געאָרעמט.
ער — אַ הויכער, זי — אַ ביסל גרעסער פון אַ קינד.
די גרויע נאַכט ווייזט דעם וועג זיי
און האָט הנאה פון פאַרליבטן פאָר.

ציען זיך שאָטנס פון קוימענס,
ווי פון ציגאַרן גרויזלט דער רויך.
די שטילקייט רעדט מיט שטום־לשון —
די נאַכט אַליין פאַרליבט איז אויך.

## לעצטע נאַכט האָט גערעגנט

לעצטע נאַכט האָט גערעגנט.
וויינען טראָפּנס פון די צווייגן.
בלעטער קרעכצן, ווען זיי פאַלן
אויפן נאַסן באָדן.

גייען מענטשן איינגעדרייט, ווי קראַנקע.
ווער מיט שירעמס, ווער מיט רעגן־מאַנטלען;
ווער עס הוסט ווער עס ניסט מיט טרערן,

און דער ווינט פייפט אונטער
מיט אַ כריפּען...
וואַרקען, אונטער דאַך־קאַרניז, צוויי טויבן.
זיי קימערט ניט די קעלט, ניט דער רעגן —
זיי קושן זיך מיט גאָטס דערלויבטער ליבע...

## אַ ברכה צו די הענט

אַ בייזער מענטש,
מיט גרויע וואַסערדיקע אויגן,
שטייט ביים ריווער־ברעג,
רויכערט גלייכגילטיק אַ פּיפּקע
און קלאַפּט צו מיטן רעכטן פוס.

אַרום —
רוישן די דאָק־אַרבעטער,
פאַרשוויצטע פּנימער;
עס קלאַפּן די הויבערס,
ציען קייטן די פּעק.
אַ ברכה די הענט,
וואָס נעמען אַריין די שאָפע
וואָס קאָנען זיין רואיק
ווען זיי פּאַקן און טראָגן,
שמייכלען אונטער שווערן וואָג,
ווען זיי קוקן אויף די מוידן,
וואָס גייען פאַרביי.

## די ווייסע נאַכט

די ווייסע נאַכט לאַכט אין מיינע אויגן.
אַ חלום צויבערדיק שווימט פאַרביי.
שטערן, בלאַסע, ווי דורך טומאַן —
די ווייסע נאַכט בלענדט.
די גאַסן האָבן שוואַרצע שאָטנס.
אויפן מאַרק־פּלאַץ ראָיען זיך
קעץ און הינט,
און ס'וואָיעט זייער הונגער.

ליג איך מיט פאַרריסן אויגן.
די ווייסע נאַכט זילבערט דורך די שויבן.
צעמישט מאָלט דער מוח
און די אויגן בעטן רו
און די ווייסקייט עגבערט די ראיה...

די קעץ קוויטשען מיט געוויין.
די הינט וואָיען ווי די וועלף.
קעפּ פֿאַרריסן,
ווי זיי וואָלטן תּפילה געטאָן
צום בורא העולם —
פֿאַר אַ זאַטן מאָלצייט...

## וואָס איך בין קליגער געווען

מיינע קינדער פירן זיך אויף ווי
אין „קעניג ליר״.
זיי קריגן חוצפּה, מיט אַ הויכן האַלדז;
דענקען די גאַנצע עשירות
איז פֿון הימל געקומען —
צו זיי...

דער בוים בליט־רייך ווען דער וואָרצל
איז צעצווייגט.
קינדער מיינע, דעם וואָרצל האָב איך
אויסגעכאָוועט...
מיט מיינע הענט, מיט מיינע כוחות,
מיט דעם בלוט פֿון האַרץ —
אַ גוט אויסגעפּלעגטן בוים!

איר באַרימט זיך: זעסט טאַטע,
ווי מעכטיק צעצווייגט
איז דער בוים?!...

אונדזער מסחר איז צעבליט אין לאַנד
און באַרימט מכּל העולם!...

דאַנק איך דיר רבונו־של־עולם,
וואָס איך בין קליגער געווען
ווי דער קעניג ליר...

## אַך ווען איך בין יינגער

ס׳איז גוט אַמאָל פֿאַרגעסן,
אַז דער טויט שטייט הינטער דיר.
זעסט אַ פּרוי אַ שיינע
טוט דיין האַרץ אַ קיצל,
מאַכסט אַליין אַ וויצל:
אַך, ווען איך בין יינגער!

שמאַטשקעסט מיט די ליפּן
און שלונגסט איין אַ געדאַנק;
פלעכסט זיך איין די פינגער
און טרייסלסט מיטן קאָפּ:
אַך, ווען איך בין יינגער!
ס׳איז דאָ שיינקייט אין דער וועלט!...

## אַ מאָדנער חלום

איך האָב אַ מאָדנעם חלום געחלומט,
איז מיר שווער געוואָרן.
האָב אָדערן פון מיין האַרץ געצויגן,
אין מיטן גאַס פאַר הינט געוואָרפן
און די בלוטיקע פינגער אָפּגעווישט.
פלוצים האָבן מיינע אויגן אויפגעפראַלט —
זע רויטע פלאַמעס,
און טויטע שקעלעטן זיינען אויפגעשטאַנען.
האָב איך צוגעמאַכט די אויגן, —
איז ווידער חלום אויפגעגאַנגען:
אַקעגן מיר געהאָנגען איז אַ שטריק!...

## דו ביסט דער מאַן

אונדזערע אויגן האָבן זיך גלייך באַגעגנט.
גאָר פרעמדע. נאָר ווי אַ מאַגנעט צו אייזן.
מיט אַ קאַלטן שווייס האָט געצוקט דיין פּנים,
היפּנאָטיש, נאָר רואיק, געשטאַנען אויף איין אָרט.

צי האָט דער מזל אונדז אַזוי געבראַכט?
איך זאָל היפּנאָטיזירן דיך,
ווי די שלאַנג זיין רויב...
די פרייד, צי שרעק, האָט אונדז
שטום געמאַכט.

אונדז האָט געפעלט דער ערשטער וואָרט;
נאָר דיינע אויגן האָבן גערעדט,
דיינע באַקן האָבן געגליט
און ציטעריק האָבן דיינע ליפּן באַוועגט —
ווי דו וואָלסט געזאָגט:
דו ביסט דער מאַן, וואָס איך האָב פון לאַנג
דיך אַרומגעזוכט!...

## דער דורשט איז גרויס

עס האָט מיר פאַרנומען דיין געוויין;
עס האָט מיר דורכגעדרונגען דיינע ווייען.
איך האָב אויך געוויינט.
געוווּסט, אַז איך בין דער מעסער,
וואָס שניידט דיין האַרץ.
און ניט גלייכגילטיק האָב אויף דיר געקוקט;
געזען אין דיינע אויסגעלעשטע אויגן —
דיין האַרצפּלייץ פון טרערן —
אויף דיינע אויסגעצערטע באַקן.
איך וואָלט פאַר דיר מיין אַלץ אַוועקגעגעבן,
נאָר קאָן ניט אויסשניידן מיין
האַרץ,
וואָס צוויי צעגליטע אויגן — שוואַרצע קוואַלן, —
דער דורשט איז גרויס
און בלינד איז אַלץ אַרום.
נאָר די אויגן־קוואַלן
באָטן אָן דעם זיסטן נעקטאַר,
וואָס מאַכן שיכור —
נאָר צו קוקן אין זיי...

## לא תרצח

איך בין דער מגיד, דער שטראָפער פון שפעניקער;
איך כוואַליע מיט בייטשיקע ווערטער.
אַליין בין איך רואיק — גאָט פאָרכטיק —
טו איך דעם ווילן פון אייביקן גאָט!
לבנה ליכטיקט און בוימער לאָזן שאָטנס.
מאַגנאָליעס־בוימער שפרייטן שמעקעדיקע בליאונג,
און פון וואַלד וויינט אַ הונגעריקע וואָלפיכע
און אין שטאַל מעקעט אַ דערשראָקן שעפעלע...
לאַכט די „היניע״, ווען די וואָלפיכע וויינט,
זי שפרינגט אונטער מיט אַ לאַכענדן ציטער
און סליניע רינט איר פון די ציין.
ווינט — גיך, יאָגט וואָלפיכע צום ריח
פון שעפּסענע פלייש...
מע־מע־ע — שרייט אין דער נאַכט.
בלוט זייט — דער שלאַך.
די העניע שפּרינגט אין געלעכטער
וואָלפיכע פרעסט איר פאַנג...
און די נאַכט שרייט:
לא תרצח!

## דאָך האָף איך

איך האָב קיין מאָל ניט געוווּנען אין לאָטעריי,
דאָך האָף איך אַמאָל — אַ גליקלעכן טאָג,
וועט מזל אַ זאָג טאָן:
איך ברענג דיר, די בשורה —
דיין נומער האָט דערגרייכט!...

איך האָב אין מיין יוגנט געזען אַ חלום
און קאָן זיך ניט דערמאָנען.
גיי איך אַרום —
זוך מיין פאַרגעסענעם חלום;
ער מוז ליגן אין מוח,
געפאַנגען, געבונדן...

האָף איך מיין מזל אַמאָל וועט אויפגיין
און ברענגען די פלאַמיקע
בשורה —
פאַר די ניט דערפילטע טעג פון פרייד;
פאַר די רולאָזע נעכט —
געפונען מיין פאַרלוירענעם חלום
פון מיין יוגנט!..

## ניט יעדער האָט דעם מוט

ניט יעדער האָט דעם מוט
אויסצוזאָגן דעם געביילטן אמת,
וואָס האָט אים מיט בלוט־פלעקן צו דערציילן;
אָדער מוט — עס טוט אים באַנג...
איך אַליין
האָב קיין מאָל ניט געהערט קיין זינג־פויגל,
וואָס זאָל מיך אויפוועקן פון טראַנס —
ווי ווען אַ פויגל וויינט...
קלאַנגען וויברירן פון דריי זייטן.
כוואַליענדיק, גרייכן צו דיין געהער;
ווייל דער טויט גייט אַקעגן דיר.
די נאַכט טראָגט מיט זיך שרעק.
זאָלסט די אויגן ניט פאַרשליסן —
וועסטו רוען מיט דיין געוויסן.

## סאַברינע

סאַברינע —
די עלטסטע טאָכטער פון צוועלף קינדער.
זי שטאַמט פון מאַראָקאָ, זעכצן יאָר אַלט.
דער גוף איז רייכער פאַר די יאָרן.
העלפט פון די קינדער האָט זי אויסגעכאָוועט.
די מוטער ליידט אויף סוכאָטע,
נאָר קינדער מערט זי יעדן יאָר...
די קינדער, ווי הויז־חיות, וואַלגערן זיך אין שמוץ;
באָרוועסע אין רעגן און אין קעלט —
און ס׳רירט זיי ניט, ווי ווינטערדיקער שניי...
אין שולע איז מוח זייי פאַרהאַרטעט...
אגב, שטיפן זיי, מיט זייער שטאַרקן לוסט.
קיין גרויסער פאַרדינער פאָטער איז ניט —
און דעם ביטערן טראָפּן ניט פיינט.
איז סאַברינע, פון די קליינוואַרג, די מאַמע
און האָט ניט קיין רו דורכן וואָך.
סאַברינע קען קוים שרייבן און לייענען.
פאַריאָכט, קויפט איין, קאָכט, ראַמט אין דער שטוב.
די אויגן די שוואַרצע, ווי פּערל דער שיין,
פאַר די בחורים, די אויגן, זיי צינדן אין האַרץ.
אין שטוב אויף די קינדער מיט געוואַלדן זי שרייט!
נאָר אין חנות רעדט זי איידל — שטיל ווי אַ טויב...
אין חנות אַרבעט אַ בחור אַ שיינער —
ער שטאַמט אויך פון מאָראָקעשן — זעלביקן קאַנט.
ער באַדינט זי, ווי זי וואָלט אַ פּרינצעסין געווען
און אין זיין האַרץ ליגן אירע אויגן שוואַרצע —
ווען זי שמייכלט — פאַרכלינעט אים זיין אָטעם...

## דער פּרינץ און דאָס אָרעמע מיידל

אין אַ כאַטקע, אַ קליינע, מיט קליינינקע פענסטער,
אַ טירל פון ברעטלעך און שטיקלעך.
זיצט אַ מיידל און חלומט, אַז קומען אַ פּרינץ וועט
און וועט זי באַקליידן אין זייד
און אין פּלושן,
דימענטן און פּערל,
וועט אין זיין פּאַלאַץ זי ברענגען
און וועט זי נעמען פאַר זיין ווייב —
דער פּאַלאַץ האָט זיבן טירן.
דאָרטן אין פּאַלאַץ, וואָס האָט זיבן טירן
און פענסטער איז דאָרטן, זיבן מאָל זיבן.

זיצט דאָרט אַ פּרינץ און טראַכט פון אַ מיידל,
וואָס לעבט אין אַ כאַטקע מיט קליינינקע פענסטער —
נאָר שיין איז דאָס מיידל, שענער פון פּרינצעסין,
וואָס דער קעניג האָט פאַר אים אויסגעוויילט...
זי שטייט ווי אַ וואַנט צווישן זיין געליבטע — — —
דער קעניג ער סטראַשעט:
אויב דו ווערסט מיין אויסוואַל ניט געפעלן?
ווער איך דיך פון פּאַלאַץ פאַריאָגן
און דיין טיטל פּרינץ וועל אָפּשאַפן.
שלאָפט ניט נעכט, דער פּרינץ,
און טראַכט פון דעם האַרץ געליבטן מיידל.
וואָס טויג אים די רייכקייט און פּאַלאַץ דעם גרויסן?
וואָס ענג איז זיין גרויסקייט פאַר אים;
ס׳איז ליבער די כאַטקע מיט די קליינינקע פענסטערלעך
אין דער טונקלקייט שיינט דאָרט מיין זון...

## אפשר איצט טראַכט זי

אַקעגן גאָס וווינט אַן אלמנה,
געקליידט אין שוואַרצן געהילט —
יאָרן שוין דריי.
תמיד באַגריסט מיטן קאָפּ מיר,
ווען איך גיי פאַרביי.
זי האָט אַ ווייס קעצל, אַ הינטל אַ קליינעם.
פרעמד, ווען אַ מענטש דאָרט,
עפנט די טיר.
אַפילו דער מילך־מאַן
ביים טיר שטעלט דאָס פלעשל.
ווי פּאַפּיר בלייך איר פנים איז.
אָוונט, עלנט, זי בליקט דורכן פענסטער.
אַ קראַנקער פלעמל דונקלט דורך גאַרדינען.
האַלט זי קעצל, גלעט עס מיט ליבע,
ווי אַ מוטער טוט צו אַ קינד.
איך זיץ אַקעגן, פייל מיינע אויגן
און ריידן צו איר פעלט מיר דער מוט.
אפשר איצט טראַכט זי
פון מאַנסבילשע אָרעמס,
וואָס צערטלען און גלעטן,
וואָס צעפלאַמען די בלוטן?...
אין געדאַנק טו איך אויס זי:
אַ קערפּער „ווייס־חלה״ —
זי וואָלט מיר מיט ליבע אין מיינע אָרעמס געפאַלן, —
נאָר מיין מויל איז שטום ווי די נאַכט!

## גאָט וועט מער קיין מבול ברענגען

גראַניט שוואַרצע וואָלקנס,
טראָגט די נאַכט מיט שרעק.
פאַרהאַקן זיך טירן און פענסטער,
קינדער לאַנג ליגן אין בעט;
אַ בליץ צעשניידט דעם הימל.
אַ פייערדיקע, בלענדנדע פינצטערקייט
און דער ווינט קומט מיט טרערן.
מיט אַ בעזעם קערט דער רעגן.
פאַלן עפל פון די ביימער.
דונער טראָגט מיט זיך האַרמאַטן.
מאַמעס שטילן־איין צעשראָקן קינדער —
גאָט וועט מער קיין מבול ברענגען!...

## שווערע מוזיק פאַרן אויער

ביימער שורות אין די גאַסן.
אַ באַנד סאָלדאַטן מאַרשירן, שפּילן.
שווערע מוזיק פאַרן אויער.
גייען פאָרלעך, לאַכן, שטיפן.
בלינדער בעטלער, מיט אַ הונט אַ ווייסן,
שפּילט גיטאַרע — זינגט אַ לידל.
וואַרפט מען מטבעות אין דעם קווערטל.
לויפט אַ יינגל און שרייט: „עקסטראַ!”
— קויפט אַ צייטונג — עקסטראַ! עקסטראַ!
מענטשן גיך צעכאַפּן צייטונג —
יינגל פריילעך — ציילט דעם רווח.

## ער האָט די בייטש

ס׳איז ניט אַזוי פויגלדיק צו זיין ערלעך
אין איצטיקער וועלט...
מיט ברוטאַלער קלייד האָט מען אָנגעטאָן פרייהייט.
דער אָנטרייבער, דער שיכור, פירט דעם עקיפּאַזש:
אַלץ, וואָס קומט אין וועג, ווערט צעמאָלן —
ער פירט די פרייהייט!...
דער וועג מוז זיין פריי!...
שטיקן זיך, רוקן זיך, מענטשן צו די ווענט —
שרייען די אויגן — שרייען אָן ווערטער.
סקריטשען ציינער אונטער שטומע מיילער;
פלעכטן פויסטן אונטער די אַרבל.
ווערן מענטשן צעטרעטן אונטער פרייהייט עקיפּאַזש
און דער אָנטרייבער, דער שיכור — שמייסט, —
ער האָט די בייטש!...







אויבן:
לייוויק
לואיס מאַרשאַל

אונטן:
דאגה
קאַראָל ליבקנעכט



## צו שפּעט

מיינע ציטערדיקע הענט — דיביינדלעך קלאַפּן;
מיינע ציטערדיקע הענט — בלויע אָדערן —
ווי ווערעם אונטער מיין הויט.
קלאָגט אין מיר מיינע אויסגעמאַטערטע יאָרן,
אויסגעהאָרעוועטע טעג.
וויינען נאָך די חלומות — נישט דערגרייכטע:
ווער האָט שטיינער געלייגט אין מיין וועג?
ווו זיינען די וועלכע, וואָס רופן זיך פריינט?
ווען זיי האָבן געוואָלט מיך — געדאַרפט;
ווו זיינען די וואָס האָבן מיך געקריינט — לאָראָלעט?
מיט בלומען־ווערטער מיך באַשמירט!...
האָב דערקאָנט מיינע פאַלשע פריינט — צו שפּעט!...

## כ׳בין אַ קינד אַמאָל געוועז

ס׳איז מיר ענג געוואָרן אין שטאָט.
וועל איך נעמען עטלעכע ביכער,
אַ רוק־זאַק, אַ קאָלדרע און סאַנדאַלן;
אַ ברויט, וואַסער, אַ הליאָק, —
און קיינעם אַ וואָרט ניט געזאָגט —
אַוועק אין אַ גאָלדענעם בין־השמשות
צו אַן איינזאַמען ברעג ביים ים.
זיך וואַרפן אויפן גאָלדענעם זאַמד,
זיך אָפּקילן אין הימל־בלויען וואַסער,
מיט געלעכטער, ווי כ׳וואָלט געוועזן אַ קינד.
יאָ, כ׳בין אַ קינד אַמאָל געוועזן!
געוועזן...
פילן, ווידער, די קינדערשע פרייד;
זיך מאַכן פון אַ ים־שיסעלעך אַ קרוין
און זיך קרוינען — קעניג פון ים.
און וועט מיר זיין לאַנגווייליק ביינאַכט —
וועל איך רופן די מיידלעך פון ים
און זיי וועלן טאַנצן פאַר מיר אין די נעכט
און קריינען מיך — דער „לאָראָלעט״ פון ברעג־ים!...

## בין איך פאַרצייכנט — אַ זשיד

ס׳איז אַ לאַנד, וואָס איז יעדן באַקאַנט:
דער טשעמפּיאָן פאַר מענטשלעכן גליק!...
ווו ס׳לעבן צען מענטשן אין איין חדר,
ווו דער מויל טראָגט אַ שלאָס.
ווײי איז יענעם, וואָס זאָגט אַ קלוג וואָרט —

וואָס זאָגט: מיין בעט איז האַרט;
מיין ברויט איז טרוקן — קאַרג;
מיין חדר — קאַלט;
מיין גלויבן, מיין שפּראַך — צעשטערט,
און אויף מיין פּאַספּאָרט בין איך פאַרצייכנט —
זשיד!...

## שיינע קנעכלעך

איך האַלט מיינע הענט אין קעשענעס.
אין די גאַסן רוישן מענטשן.
אַ פעדלער * פּירט פּרוכט אַ וועגעלע,
אַ פעטע פרוי פּירט אַ קליין הינטעלע;
אין פּאַרק שפּילן זיך קינדער מיט געשריי.
גייט אַ פרוי מיט אַ קורץ קליידעלע, ווי אַ קינד —
עסן מענרשע אויגן זי, ווי טאָרט.
אַלטע פרויען זי באַגלייטן, מיט אַ שפּיי...
אויטאָבוס שטעלט זיך אָפּ מיט אַ טראַסק.
גייען אַרונטער מיידלשע קנעכלעך, טראָגן מיט זיך רייץ.
נעם איך אַרויס מיינע הענט פון די קעשענעס
און טראַכט: אָט די שיינע קנעכלעך רעגירן די וועלט!...

* הענדלער.

## יצר-הרע האָט געזיגט

ער איז אַרבעטלאָז, און אַ שלאָף־בעט ניטאָ!
טראָגט ער אַ ליידיקן מאָגן — פול־גאַז.
נאָר אַ גנב וויל ער ניט ווערן.
שעפּשעט יצר־הרע אין אויער,
מיט ווערטעלעך זיסע, באַטעמטע:
— אָט דאָרטן אין פענסטער, טו נאָר אַ קוק,
ווסטו ניט גלויבן, אַז אַזעלכעס איז פאַראַן:
העלדזולעך געפילטע און געררויכערטע פליישן,
קרעפּלעך און בלינצעס, מיט קאַשע געפילט...
— טאָ זיי ניט קיין שוטה — דיין מאָגן איז לער? —
גיי הייס זיך דערלאַנגען אַ פּאָרציע פון אַלץ,
און אויב מען וועט דיך אַרעסטירן —
וועט זיין גוט ווי די וועלט!
— וועסט אויך האָבן אַ שלאָף־בעט,
אָן אַ גראָשן געלט!...
וואָס קאָן נאָך זיין ליבער.
און סוף פון דער מעשה:
יצר־הרע האָט געזיגט!

## בין מקנה דעם מאַן

איך בין מקנה דעם מאַן, וואָס האָט אַ שיינעם עלטער,
האָט אַ ליבע ווייב, וואָס גלויבט זיין וועג,
וואָס באַשיצט אים, ווי אַן אייגן מוטער,
וואָס פאַרצוקערט זיינע לעצטע יאָרן־טעג.

און קינדער, וואָס זיינען אַרויס פון זיין רשות,
וואָס זיינען שוין טאַטעס פון אייגענע קינדער —
אפשר שוין אויך זיידעס פון אייניקלעך —
מאַכן זיין עלטער געמיטלעכער, לינדער.

ווען ס׳קומט זיין געבורט־טאָג און קינדער קומען,
ברענגען מתנות און וואַרעמע קושן;
מזל־טוב טאַטע, מזל־טוב זיידע; „העפי־בורטי,* גרענד־פאַ״,**
וואָס ברענגען פון גאָר זיין לעבן גרוסן.

מיר אַזאַ עלטער האָט גאָט ניט באַשערט מיר
און האָט מיך ווייט איבער ים׳ען פאַרטריבן;
צושטעל אָפּט זייערע בילדער אין שורות —
דאָס איינציקע טרייסט, וואָס מיר איז פאַרבליבן.

---

* אַ פריילעכער געבוירנטאָג.

** זיידע.

## פאָלקס-ליד

אַ לאַנג דריפּל׳דיקער רעגן־סעזאָן — זאָגט דער הערבסט אָן,
גראָע טומאַנען האָט איינגעהילט די גאַסן —
פון וואַלד רוישט דער ראָבן־קראַקנדיקער טאָן;
ווינטן־רעגן שמייסן, ווי מיט פּאַסן.

קעלטן, ווערן שאַרפער — אַזש זיי צינדן;
פויגל, חיות, זוכן שוץ אין וואַרעמע נעסטן.
בעראָזקעס, דינע, בייגן זיך פון ווינטן —
שניידן זאַווערוכעס, האַרט די ערד פאַרפראָסטן.

זיצט אַ פויער, אויף אַ וועגל, הוקעט אין די פינגער,
און די קלאַטשע קרעכצט אונטער מיט אַ זשיפּען.
וואָלט ער כאָטש געשלעפּט אַ שליטן, וואָלט געווען אים גרינגער.
איז זי מעלה־גרהט — אַזש עס קלאַפּן איר די ליפּן.

איינגעשלאָפן ווערט דער פויער — פילט מער ניט די קעלט.
די קלאַטשע אויסגעמאַטערט; שלעפּט און גייט.
געקומען צו איר כאַטקע, אַליין זיך אָפּגעשטעלט —
נאָר דעם פויער איז איצט וואַרעם — ער איז פאַרפרוירן טויט!...



פּראָפעסאָר
זיגמונד
פרויד



מאָנומענט פון אַלבערט איינשטיין



ברוך ריווקין



אַ מיוריעל פון קאָמפּאָזיטאָר שהייפער

# דערציילונגען

## דער צלמל

דאָס איז געווען אין 1930. די דעפּרעסיע האַלט געשטיקט און געוואָרגן. מענטשן האָבן זיך געוואַלגערט אין די גאַסן; פּראָסטיטוציע האָט געבליט ווי בלומען אין פרילינג; מענער זיינען געשלאָפן אין קאַרטאָנענע קעסטעלעך, וואָס האָט זיי אַ ביסל געלינדערט פון ווינטן און קעלט.

מענטשן האָבן געאַרבעט פאַר אַ שטיקל ברויט — אויב זיי האָבן שוין געהאַט דאָס גליק צו קריגן אַ פּאָר טעג אַרבעט. לאה׳לע, אַ מיידל פון אַ יאָר 25, בלוט און מילך און שיין ווי די זון; אירע בלויע יידישע אויגן — דער הויפּט איר אַ ביסל אויסגעבויגן נעזל, האָט איר פּאַראַטן, אַז זי איז אַ יידישע טאָכטער, הגם זי האָט געהאַט בלאָנדע האָר.

היטלערס חברה, און פּאָטער קאָגלין, האָבן געשפּרייט האַס צו יידן אין לאַנד און פאַרביטערט דאָס לעבן די יידישע אַרבעטסלאָזע און די באַשעפטיקטע צוגלייך.

— אַ ייד איז געווען אַ פלוך... אַ ייד — איז אַ קאָמוניסט, אַ ייד — איז אַ קאַפּיטאַליסט! אַלע צרות קומט פון יידן — זיינען אַלע באַנקירן... די גאַנצע געלט ליגט אין די יידישע הענט!...

לאה׳לע האָט טאָג נאָך טאָג געזוכט „אָפּיס״־מלאכה. זי איז געווען אַ עקספּיריענס־האַנט אין בוכהאַלטונג, און גוט געקאָנט סטענאָגראַפיע. אין איין וואָרט — זי איז געווען אַ גוטע האַנט אין איר פאַך.

לאה׳לע האָט געאַרבעט אין איין פירמע פאַר די לעצטע פינף יאָר, נאָר פּלוצים האָט די פירמע באַנקראָטירט. לאה׳לע וואָלט געקענט אָננעמען דעם פאַראַנטוואָרטלעכסטן „דזשאָב (מלאָכה), נאָר ווו זי קומט אַריין, פרעגט מען איר גלייך: „וואָט איז יור דיסענט?״ (וואָס איז דיין אָפּשטאַם?). ווי נאָר זי האָט געזאָגט אַ יידישקע, האָט מען איר געזאָגט, זי זאָל אויספילן אַ קאַרטל און מען וועט איר לאָזן וויסן, ווען מען וועט זי דאַרפן. צענדליקער פלעצער האָבן איר געזאָגט דאָס זעלביקע: פילט אויס אַ קאַרטל מיט אייער אַדרעס, און מיר וועלן אייך לאָזן וויסן... שוין אַ יאָר, אַז לאה׳לע גייט אַרום אָן אַרבעט. גייט טאָג־איין, טאָג־אויס, לייענט אַלע צייטונגען, אַלע אַנאָנסן, און אַז זי קומט אויף אַ פּלאַץ פרעגט מען איר גלייך איר אָפּשטאַם. אין איין אָרט האָט מען געגעבן אָנצוהערן, אויב זי וויל אַ שטעלע, דאַרף זי...

די טעלעפאָן־קאָמפּאַניע האָט געהאַט אַן אַנאָנס פאַר פרויען־הענט, פאַר אַלגעמיינע מלאכה: בוכהאַלטערס, העלפער פאַר „סוויטש־באָרד״ (ענטפערן דעם נומער) מיידלעך: — עקספּיריענס נישט נייטיק.

לאה׳לע האָט זיך געלאָזן אַהין גאַנץ פרי; זי האָט באַמערקט אַלע מיידלעך האָבן געטראָגן צלמ׳לעך און פיל פון זיי האָבן געקראָגן מלאכה. איר האָט מען געהייסן אויספילן די קאַרטל און מע וועט איר לאָזן וויסן...

לאה׳לע האָט געוואָלט נאָכטאָן: אויסצופּרוּוון, צי דאָס וועט אָנגיין. זי איז אַריין אין אַ קאַטויל׳ישע קראָם און זיך געקויפט אַ צ׳לם׳ל. איז אַריין צו דער זעלבער טעלעפאָן־קאָמפּאַניע, נאָר אין אַן אַנדער שורה — דעם צלמ׳ל אויפן

האַלדז, און ווען ס׳איז געקומען איר ריי, האָט זי געביטן איר נאָמען אויף נעלי מעקקוק. איר שיין פּנימל מיטן צלם אויף איר האַלדז האָט איר געגעבן אַ שטעלע. מען האָט איר גאָרנישט געפרעגט איר אָפּשטאַם; מען האָט איר געגעבן אַ קוויטל און זי איז גלייך דאָרטן געבליבן אַרבעטן.

די מיידלעך האָבן מיט איר גלייך זיך געחברט; זי האָט געהערט ווי זיי האָבן גערעדט צווישן זיך. איינע האָט געזאָגט:

— האָסט געהערט מען האָט אָפּגעזאָגט אַלע „קייקס" (יידן) און מען האָט אָנגעשטעלט קריסטן.

— הו נידס דהי „קייקס" היער? די קאָמוניסטן! האָט אַ צווייט מיידל מיט אַ קורץ איריש־נעזל, מיט אַ פּנים זומער־שפּרינקעלעך געזאָגט. — „אָל דהי טראָבל ברינגס דהי דזשוס" (אַלע צרות ברענגען די יידן...).

לאה׳לע האָט זיך קוים איינגעהאַלטן נישט אויסצושרייען:

— יו דוירטי נאַציס!... יו דוירטי קאָגלינייטס!" (איר שמוציקע נאַציס! איר שמוציקע קאָגלעניסטן!).

זי האָט איינגעביסן איר האַנט — און ס׳האָט געשטילט איר כעס:

— איך מוז ליידן און שווייגן — האָט זי איין זיך גערעדט.

דער מענעדזשער איז איינמאָל פאַרבייגעגאַנגען און אירע בלויע בליצנדיקע אויגן האָבן אים אַ צי געטאָן. זי האָט פון זיין בליק אַ ציטער געטאָן. ווי אַ מעסער וואָלט אַ שטאָך געטאָן אין האַרצן, — זי ווייסט נישט פאַרוואָס — אַזוי איז ער איר געפעלן געוואָרן:

אַ יונגער מענטש פון אַ יאָר פינף און דרייסיק; הויך, ברייט־פּלייציק. לגמרי נישט קיין אַריער! אין גאַנצן שוואַרץ־חנעוודיק. מסתמא אַן איטאַליענער! אַ מוסאָליני — אַ פאַשיסט! ער האָט געטראָגן אַ גאָלדן קנעפּל אין לאַץ און אויפן קנעפּל — אַ שוואַרץ צלמ׳ל...

דער פאַרוואַלטער איז פאַרבייגעגאַנגען און אַלץ געקוקט אויף איר פון דער זייט און אַפילו הינטערוועגנס. אפשר האָט ער איר דערקענט, אַז זי איז אַ יידישע? עס האָט איר געפייניקט און איר האַרץ איז איר אויסגעגאַנגען פאַר פּחד...

ס׳איז דער ערשטער טאָג וואָס זי האָט געקראָגן באַשעפטיקונג. אַ צווייט מאָל איז ער פאַרבייגעגאַנגען און צו איר אַ שמייכל געטאָן. זי האָט אים גע־ענטפערט מיט אַ קוים באַמערקבאַר שמייכעלע און פלייסיק געאַרבעט.

יעדן טאָג האָט מען דאָרטן געטיילט נאַצישע אָדער קאָגלענישע פּראָקלאַ־מאַציעס. די נאַצישע האָבן גערופן צו מאָרד און פאַרניכטונג פון די יידן; די קאָגלישע האָבן אַגיטירט צו באָיקאָטירן די יידן: ניט האָבן מיט זיי צו טאָן, ניט געבן זיי מלאכה און ניט טרעטן אין זייערע ד׳ עמות — מען זאָל זיך אָפּטיילן פון זיי.

מען האָט איר געצווונגען ווערן אַ קאָגלעניסטין. דערהויפּט האָבן זיי געזוכט די „דזשוס". זי האָט געמוזט אָפּגעבן פינף פּראָצענט פון איר שכירות, און אָפטמאָל האָט מען סתם אַרויפגעלייגט, פאַר דאָס און דאָס, אַ טאָלער־צוויי. קיינער האָט ניט פּראָטעסטירט, כאָטש מען רייסט פון זיי פשוט דעם ביסן פון מויל. די שכירות, די געהאַלטן זיינען געווען קליינע און קיין יוניאָן איז ביי זיי ניט געווען. און דאָס וואָס די טעלעפאָן־קאָמפּאַניע האָט געוואָלט, האָט זי

געצאָלט... די יידן האָבן פּראָטעסטירט... דערפאַר האָט די קאָמפּאַניע נישט געוואָלט אָנשטעלן קיין יידן. און די יידן, וואָס האָבן דאָרטן געאַרבעט, האָט מען יעדן חודש אָפּגעזאָגט. די יידן האָבן טאַקע אין דער שטיל געגראָבן און געזוכט צו אָרגאַניזירן אַ יוניאָן... נאָר די נאַציס האָבן דאָס אַנטדעקט, און מען האָט די יידן אַרויסגעיאָגט פון יעדן פּלאַץ אין דער קאָמפּאַניע.

ס'איז אַוועק אַ חודש. לאה'לע אַרבעט נאָך אין דער טעלעפאָן־קאָמפּאַניע, און דאָס צלמ'ל מוז זי טראָגן גאַנצע אַכט שעה אַ טאָג. דאָס קליינע צלמ'ל אויף איר האַלדז איז ווי עס וואָלט געוויגן אַ פּוד. זי האָט פיל מאָל געפילט, אַז זי ווערט דערשטיקט...

לאה'לע איז קיין פרומע נישט געווען, נאָר דאָס צלמ'ל האָט איר געשטיקט. ווען זי איז אַריינגעפאַלן אין שטוב, פלעגט זי שנעל אַראָפּרייסן דאָס צלמ'ל פון איר שיינעם האַלדז און געטראָטן אויף אים מיט די פיס און געשפּיגן אויף אים...

יאָ, לאהלע איז פרום נישט געווען. אגב, דער צלמ'ל האָט איר פרום געמאַכט. נישט פרום צו גיין אין שול אַריין, נאָר זי איז שוין מער ניט געגאַנגען אין אויטאָמאַט, ווו זי פלעגט תמיד גיין עסן. זי האָט זיך איינגעלעבט אין אויטאָמאַט, אַז זי פלעגט אַנדערש נישט קאָנען עסן. זי פלעגט תמיד נעמען דעם טאַץ מיט די מאכלים, זיך פאַררוקן אין אַ ווינקל מיט אַ בוך ביים זייט, צייטנווייז מיט אַ צייטונג, און פלעגט זיך גוט אויסרוען און עסן גאַנץ רויק.

לאה'לע, אָדער ווי מען פלעגט זי רופן אין אָפיס, אילין, איז געבוירן געוואָרן אין אַמעריקע. אירע עלטערן זיינען געקומען פון רוסלאַנד. לאה'לע האָט געלערנט אין אַרבעטער־רינג שולן און זי האָט געקאָנט אַפילו לייענען אַ יידישע צייטונג. אירע עלטערן וווינען אין שיקאַגאָ, נאָר ס'האָט געטראָפן, אַז זי, לאה'לע, איז שיר נישט פאַרליבט געוואָרן אין אַ ניט־ייד. אירע עלטערן, נישט קיין פרומע, האָבן נישט געוואָלט זי זאָל חתונה האָבן מיט אַ גוי, וואָס פלעגט אַריינשטעכן מיט אַזאַ וואָרט:

— וואָרום זאָלן די יידן זיך נישט אַסימילירן און ס'וועט אויפהערן דער אַנטיסעמיטיזם? כאָטש — פלעגט ער זאָגן — ס'אַרט מיך נישט, אָט וויל ער חתונה האָבן מיט אילין...

— וואָלסטו לאָזן דערציען די קינדער, ווי ביי אונדז יידן?... אָט האָבן חתונה פּראָטעסטאַנטן מיט קאַטאָליקן. ביי זיי, די ווייבער דערציען די קינדער פאַר קאַטאָליקן...

— דאָס ניט, — האָט דער חתן געענטפערט. — איך וועל דאָס קיין מאָל נישט דערלויבן און נישט מסכים זיין...

— וויל איך דיך נישט פאַר קיין איידעם, — און האָט אים געהייסן פאַר־לאָזן די הויז.

לאה'לע האָט דאָס נישט געקאָנט איבערטראָגן און האָט פאַרלאָזן די עלטערן און געוואָלט מיטן ערל חתונה האָבן. אגב — דער ערל האָט איר געענטפערט:

— איך קאָן מיט דיר נישט חתונה האָבן, הגם איך ליב דיך. איך וויל לעבן בשלום מיט מיינע מחותנים. איך וויל נישט דו זאָלסט בענקען נאָך דיין טאַטן און מאַמען און נאָך דיין פאַמיליע בכלל.

זי האָט זיך מיט איִם צעווערטלט און איז אַוועק קיין ניו־יאָרק. זי איז דאַן אַלט געווען נײַנצן יאָר. שיין ווי אַ בלום. אַן אינטעליגענט און אַ באַלעזן מיידל. עס האָט איר אָפּגעגליקט. זי האָט געקראָגן מלאכה אין אַ געשעפט. די גאַנצע צייט האָט זי כמעט געלעבט אָפּגעזונדערט, איינזאַם: געלייענט ביכער, געגאַנגען אין טעאַטער, אין אָפּערע. זי האָט זייער ווייניק געשפּאָרט; זיך גוט געקליידט אין די בעסטע מלבושים. די טייערסטע שיך און היט. ביז דער קלאַפּ איז געקומען אומדערוואַרטעט: די פירמע האָט באַנקראָטירט. באַנקראָטירט האָט זי בלי־ספק איבער די נאַציס, ווייל זיי האָבן באַצוווּנגען פיל דייטשע און סעמי דייטשע — יידן־האַסער — זיי זאָלן אויפגעבן דעם מסחר מיט דער יידישער פירמע. אַזוי איז אַוועק אַ יאָר און זי האָט געדאַרפט לעבן אויף דאָס גרייטע. און נישט נאָר איז איר מזומן־פאַרמעגן פאַרשווונדן — זי האָט פיל פון אירע שיינע און ווערטפולע מלבושים פאַרקויפט און פאַרמשכנט — האָט זי דערווייל געמוזט שלום מאַכן מיט איר גורל און טראָגן צום שאַנד — דאָס צלמ׳ל. זי האָט עס געהאַסט ווי קיין מאָל ניט פריער. זי האָט געפילט אַ האַס צו זיך אַליין:

— וואָרום נעמט זי ניט אָן דעם גורל ווי אַנדערע?!...

— אָ, ניין!... — האָט זיך ביי איר אַרויסגעריסן, — בעסער שטאַרבן! ניין... ניין!... שוין בעסער זיין אַ מאַראַן ווי די מאַראַנען אין שפּאַניע, אין פּאָרטוגאַל...

זי האָט פיל מאָל אין איר איינזאַמקייט, אין איר צימער, ביטערע טרערן פאַרגאָסן. איצט האָט זי שלום געמאַכט, וואָרום זי האָט ניט געהייראַט דעם ערל, איר געליבטן. ערשט איצט האָט זי מסכים געווען, אַז עס וואָלט ניט געטויגט.

איר פאָטער איז גערעכט געווען, הגם ער איז געווען אַ האַלבער סאָציאַ־ליסט און אַן אַרבעטער־רינג מעמבער און באַלאַנגט צו אַנדערע ראַדיקאַלע אָרגאַניזאַציעס. זי האָט טאַקע די זעלבע נאַכט געשריבן אַ בריוו צו די עלטערן, צו וועלכע זי האָט ניט געשריבן זינט זי האָט זיי פאַרלאָזן. זי האָט אַזוי גוט געפילט ווען זי האָט זיי אָנגעשריבן דעם בריוול: געוויינטלעך, האָט זי אַלע גוטע זאַכן צוגעלייגט: אַז זי אַרבעט אין אַ טעלעפאָן־קאָמפּאַניע און איז גליקלעך. ווען זי האָט פאַרקלעפּט דעם קאָנווערט, — האָט זי זיך צוכליפּעט און איבער־געזאָגט:

— אַז אָך און ווי איז צו מיין גליק... זאָלן די נאַציס און די קאָגליניסטן אַזוי גליקלעך זיין — און אַ שפּיי געטאָן אויפן צלמ׳ל, וואָס איז געלעגן דערביי אויפן טישל.

אגב האָט זי געפילט, אַז זי באַגייט נישט קיין חטא. אדרבא, זי נאַרט די גויים!... אין מלחמה נאַרט מען דעם פיינט אין אַלע דרכים. איך בין אין מלחמה מיט זיי! — האָט זי אויסגעשריען.

יענע נאַכט האָט זיך אַלץ געביטן. — יאָ, פון היינט אָן און ווייטער וועל איך לעבן גאָר אַ ניי לעבן. איך האָב זיך די אַלע יאָרן מיין קאָפּ אַריינגעגראָבן, ווי דער סטראָס־פויגל טוט, ווען ער איז אין געפאַר. ווען ער דערזעט אַ שׂנאה... איך האָב זיך אָפּגעטיילט פון דער וועלט, פאַראיינזאַמט. וועמען האָב איך מיט דעם אָפּגעטאָן? יאָ, וועמען? — זיך האָב איך עס אָפּגעטאָן!...

זי איז צו צום שפּיגל און זיך אָנגעקוקט — ניט ווי אַמאָל, — נאָר אויף אַן אַנדער אופן:

— איך בין דאָך שיין, — האָט זי אויסגעשריען! — איך בין דאָך יונג! לעבן! איך וויל לעבן און קעמפן קעגן מיין פיינט!...

זי איז אַראָפּ אַריינצוּוואַרפן דעם בריוו, וואָס זי האָט נאָר וואָס אָנגעשריבן:

— אָט, — האָט זי צוגעטאַנצט, — אָט האָב איך געוווּנען צוריק מיין טאַטן, מיין מאַמען, מיין פאַמיליע, שוועסטער און ברידער און פריינט! פריינט! לעבן זאָל דער היינט!... לעבן זאָל דער מאָרגן... „טהענק יו, גאָט!" — האָט זי געזאָגט אין ענגליש און דערנאָך אין יידיש: דאַנק דיר גאָט!... שמע ישראל!...

זי האָט שוין לאַנג ניט געלייענט קיין יידישע צייטונג. איידער זי איז אַרויף אין וווינונג, האָט זי געקויפט אַ „פאָרווערטס":

— אַריינקוקן אין אַ יידיש וואָרט... און אייך גויים וועל איך לייגן, שקרן!... וועל אויפזוכן יידישע פריינט — און אפשר...

אין דער פרי, צו דער עבודה, האָט זי באַגעגנט דעם פאַרוואַלטער, וואָס פלעגט תמיד אויף איר קוקן און שמייכלען.

— האַלאָ, — האָט ער פריינטלעך, שמייכלענדיק געזאָגט צו איר, איר געגעבן די האַנט.

לאה'לען האָט זיך שיער אָפּגעריסן דאָס האַרץ. פון אָנפאַנג איז זי געווען צעטומלט און דערשראָקן. זי האָט אים געגעבן איר קליין הענטעלע, וואָס האָט זיך כמעט געטרייסלט פאַר פחד און שטיל אַרויסגעמורמלט:

— העלאָ! — און שאַרף געקוקט אויף אים. זי האָט געטראַכט, אַז ער מוז עפּעס וועלן פון איר... זי האָט געטראַכט: וועט ער איר מאַכן ניט אָנשטענדיקע...

ער האָט איר איבערגעשלאָגן איר טראַכטן און אַ זאָג געטאָן:

— איך האָב אייך פון לאַנג... — האָט ער גענומען שטאַמלען.

— וואָס האָט איר געוואָלט, — האָט זי אויך גענומען שטאַמלען. זי האָט געפילט, אַז ער איז ניט, וואָס זי האָט געדענקט.

— וואָס האָט איר פון לאַנג געוואָלט ריידן מיט מיר? איך האָף, אַז איר זוכט מיר קיין שלעכטס צו טאָן.

— וואָס פאַר אַ שלעכטס קאָן איך אייך טאָן? און פאַרוואָס זאָל איך אייך שלעכטס טאָן?

—אָפּזאָגן פון מיין „דזשאַב"! פון מיין שטעלע...

— גאָט באַהיט. וואָס פאַלט אייך איין? — איך פאַרשטיי, האָט ער פאַר־כאַפּט.

— וואָס פאַרשטייט איר? ווייל...

— האָט קיין פחד ניט, — האָט ער געזאָגט דאָס וואָרט „פחד" אין יידיש...

— איר זייט אַ ייד? — האָט איר גענומען קלאַפּן אַ צאָן אָן אַ צאָן — אָדער אַ דייטש?

— שרעקט זיך נישט, — האָט ער געשמייכלט, — איך בין אַ ייד, און אין אייך, כאָטש איר האָט געטראָגן אַ צלמ'ל, האָב איך דערקאָנט, אַז איר

זייט אַ יידיש מיידל. ס׳מאַכט ניט, ,וואָס איר נאַרט זיי אָפּ. איך נאַר זיי שוין פיל יאָרן. וואָס טוט מען ניט, אַז מען דאַרף מאַכן אַ לעבן? און אַז מען האָט קליינע קינדער צו „סופּאָרטן״, אויסצוהאַלטן!

— איר האָט מיר נייעם כוח איצט אַריינגעגעבן! איר האָט מיר שיער מיין האַרץ אָפּגעריסן, ווען איר זייט צו צו מיר. ווייסט איר וואָס איך האָב געדענקט? — איך האָב געגלויבט, אַז איר זייט אַן איטאַליענער. און איר האָט דערקענט, אַז איך בין אַ יידישע...

— געוויס האָב איך אייך דערקאָנט, אַז איר זייט אַ יידישע, — האָט ער מיט אַ זיס שמייכעלע זי אָנגעקוקט מיט צערטלעכקייט. — זיי צווינגען אונדז אַזוי צו טאָן. וואָס קען מען זיך העלפן? זיי האָבן אָפּגעלייגט אַלע יידישע הענט. זיי האָבן פון פריער אויך ניט געליבט קיין יידישע אַרבעטער, דאָך האָבן אַ פּאָר צענדליק יידישע הענט געאַרבעט. נאָר זינט דעם אויפקום פון די נאַציס און די קאָגלינייטס, איז ביטער. איך האָב זיך אָנגעגעבן פאַר אַן איטאַליענער און אַ קאַטאָליק. איר זעט דאָך אין מיין לאַץ טראָג איך אַ צלמ׳ל...

פאַלט נאָר ביי זיך ניט אַראָפּ, — האָט ער צו איר געזאָגט, ווען זיי זיינען אַריין אין „עלעווייטער״, — מיר וועלן זיי איבערלעבן... איר׳ט זען!

איר האַרץ איז פאַרדריקט געווען פאַר פרייד און זי האָט שטיל גערעדט צו זיך:

— שמע ישראל. איך בין אַ יידיש קינד און וועל תמיד בלייבן אַ יידיש קינד...

דורך מיטאָג, צום צובייסן „לאָנטש״, האָט ער מיט איר ווידער געשמועסט:

— זייט איר פאַרהייראַט? — האָט ער איר געפרעגט.

— ניין! — האָט זי געענטפערט און געקוקט אויף אים.

— ווו־זשע ווינט איר? מסתמא מיט די עלטערן.

— מיינע עלטערן ווינען אין שיקאַגאָ. כ׳לעב אין אַ צימער, ביי אַ יונג פּאָרל.

— וואָלט איר, אפשר, געוואָלט עסן אַ יידיש מאָלצייט, נאָך היינט ביינאַכט? מיין טאַטע איז אַ רב!

היינט איז דאָך פרייטיק נאַכט: פיש, פלייש — אַ שבתדיק מאָלצייט. מיין מוטער איז זייער אַ גוטע באַלעבאָסטע; פון פוילן קומט זי. זי איז אַ רביצן, מיין טאַטע איז אַ רב!

— און ווו איז אייער ווייב?

— מיין ווייב? — איז ער געבליבן שווייגן אַ ווײלע, — שוין טויט צוויי יאָר. מיין מוטער גיט אַכטונג אויף מיינע צוויי קינדערלעך: אַ ייִנגל פון פינף יאָר און אַ מיידעלע — צוויי יאָר.

— צוויי יאָר?

— זי איז געשטאָרבן. דאָס קינד, דאָס מיידעלע, איז געבליבן לעבן...

לאה האָט אָפּגעקערט דעם קאָפּ אויפן זייט און אַ וויש געטאָן די אויגן.

— איר האָט מסתמא שוין לאַנג ניט געגעסן קיין אמת שבתדיקן מאָל־צייט, — האָט ער געזאָגט.

— איך עס אין אַוטאָמאַט, — האָט זי געזאָגט. איך האָב נעכטן געטראַכט,

אַז איך זאָל אויפזוכן אַ כשרן יידישן רעסטאָראַן. פריער האָט עס מיר ניט געאַרט, וואָס איך עס און ווו איך עס. נאָר דאָס צלמ׳ל טרייבט מיך צו ווערן מער יידיש. איך קאָן גוט יידיש. איך בין דורכגעגאַנגען די אַרבעטער־רינג־שולע. איך האָב נעכטן געקויפט אַ „פאָרווערטס״ און אָנגעהויבן טראַכטן צו ווערן נענטער מיט די יידישע געזעלשאַפטן. פּשוט — נענטער מיט יידן...

— פאַרוואָס ניט קומען עסן אַ כשרן שבתדיקן מאָלצייט? — אַ שטיקעלע געפילטע פיש, אַ שטיקעלע עוף מיט לאָקשן־זופּ. מיין מוטער האָט זייער ליב, אַז עמעצער קומט צו אונדז. עס קומען צו אונדז זייער אַ סך מענטשן. איר ווייסט דאָך: צום טאַטן — זיינע עלטערע מענטשן פון זיין שול, פון זיין בית־המדרש. זיי קומען ניט פרייטיק צו נאַכט, ניין. אויב זיי קומען, קומען זיי שבת, שבת בייטאָג, צו ברכה, פאַר אַ ביסל בראָנפן מיט לעקעך; אַמאָל פאַר טשאָלנט, אַ נאַש. אגב, נישט פרייטיק ביי נאַכט. מיין מוטער וואָלט זיך דער־פרייט מיט אַ שבת־אורח. ס׳איז ביי איר אַ גרויסע מצוה. זי וועט אייך בענטשן פאַר דעם נחת־רוח, וואָס איר וועט איר פאַרשאַפן.

לאה׳לע האָט אויף אים געקוקט מיט אַזוינע ווייכע, שיינענדע אויגן. זיין שטימע האָט אַזוי צאַרט און ווייך געקלונגען, — פּשוט פון האַרץ געקומען. אין זיין געבעט איז געלעגן תפילה... זי האָט זיך אַזש אַ טרייסל געטאָן צו דערוואַכן. ווי אין אַ טראַנס איז זי געווען פאַר אַ רגע...

— וואָס איז מיט אייך? — האָט ער איר געפרעגט, — וואָס ציטערט איר אַזוי?...

— איך בין הונגעריק, איך פיל הונגער, — האָט זי אים געזאָגט.

— טאָ קומט, — האָט ער זי גענומען אונטערן אָרעם. איין גאַס פון דאַנען, אין דער צווייטער עוועניו, איז דאָ אַ כשר רעסטאָראַן, קומט!

לאה האָט געוואָלט אַרויסנעמען איר אָרעם פון זיין האַנט. זי רעדט מיט אים דעם ערשטן טאָג... ווער ווייסט, די מענער... ווער ווייסט ווו ער פירט מיך? אגב האָט זי געהאַט אַ פאַרגעניגן פון זיין האַנט; אַ וואַרעמקייט האָט זיך צעגאָסן איבער איר גאַנצן גוף... און זי האָט געזאָגט:

— אָבער איך וויל באַצאָלן פאַר מיין עסן!

— ווי איר ווילט, — האָט ער זי ווידער גענומען אונטערן אָרעם.

זי האָט אָפּגערוקט זיין אָרעם און זיי זיינען אַריין אין רעסטאָראַן.

ס׳איז געווען אַ קליינער רעסטאָראַן. איין ריי קליינע טישלעך און איינ־ציקע זיצפלעצער. ביים „קאָנטער״ איז געווען אַ ריי פון געדרייטע זיצפלעצער. זיי האָבן זיך געזעצט אין סוף פון רעסטאָראַן, ווו ס׳איז געשטאַנען אַ טעלעפאָן־ביידל. קיין „ווייטער״, קיין קעלנער, איז דאָרט ניט געווען, מען האָט געדאַרפט אַליין באַשטעלן און אַליין נעמען צום טישל, ווו מען זיצט.

— איר ווילט באַשטעלן? וואָס ווילט איר עסן? — האָט ער איר געפרעגט, געבנדיק איר די אויסשטעל־קאַרטע.

— אָ, — האָט זי געזאָגט, — אַ סענדוויטש מיט קאַפּע.

— נעמט וואָס בעסערט. ווייסט איר גאָר וואָס? — איר וועט פאַרזוכן אַ ביסל פון מיין עסן. איר האָט מסתמא אין אויטאָמאַט דאָס ניט געזען און ניט געהערט. איך האָב ליב באָרשט און קאַרטאָפל („פּאָטייטאָס״). איר וועט

זיך מחיה זיין. איר וועט דערפילן דאָס האַרץ, זאָג איך אייך.

— אָ קיי, — האָט זי געזאָגט, — כ'בין הונגעריק, טוט וואָס איר ווילט!

זי איז געזעסן און ער האָט איר צוגעבראַכט איר עסן און זיינס. לאה האָט גענומען דעם סענדוויטש און אַ ביס געטאָן, און דער ביסן איז געבליבן שטעקן אין איר מויל.

— וואָס האָט איר באַשטעלט פאַר מיר? וואָס פאַר אַ סענדוויטש איז דאָס?

— שווייצער קעז, — האָט ער געענטפערט. — איז דאָס ניט גוט? איר האָט דאָך מיר געזאָגט אַ סענדוויטש. איר האָט מיר ניט געזאָגט אַוועלכן איר ווילט!...

— ס'וועט זיין גוט, — האָט זי געענטפערט און געגעסן מיט אַפּעטיט. געגעסן און געטרונקען די קאַפּע.

— איר ווייסט מיין נאָמען! — האָט זי געזאָגט. און ווי איז אייער נאָמען? איך ווייס ניט ווי אייך אָנצורופן ווען איך רעד מיט אייך.

— זעט איר, מיין נאָמען האָט מיר געגעבן די מקרה, די געלעגנהייט, אָנצוהאַלטן מיין שטעלע. מיין נאָמען איז גילינֵי, מיין פאָטער איז רבי גילינֵי. גילינֵי קלינגט איטאַליעניש און איך קוק אויס ווי אַן איטאַליענער. זיי האָבן מיר געפרעגט, צי בין איך אַן איטאַליענער. דערזעענדיק אַרום מיר די צלמ'לעך, וואָס יעדער האָט געטראָגן, און אַזוי ווי איך האָב זיך אויפּהאָדעוועט מיט איטאַליענער: אונדזער שכן איז אַפילו געווען אַן איטאַליענער, האָב איך געקאָנט אַ ביסל איטאַליעניש, האָב איך אים געענטפערט אין איטאַליעניש: געוויס בין איך אַן איטאַליענער.

— איטאַליעניש געפעלט אונדז גוט, נאָר יידן ליבן מיר ניט! — די „קייקס, ווי דאָנט לייק”! — האָט מען אים געענטפערט, און מען האָט מיר געהייסן מאָרגן קומען צו דער עבודה.

— איר קאָנט פאַרשטיין, ווי איך האָב געפילט. איך גיי אַרבעטן מיט חיות, מיט וועלף, מיט שלאַנגען. מען רופט מיך משה, מאָזעס גילינֵי, האָב איך געזאָגט צו זיך: אויב גילינֵי איז טוב, וועט מייק אויך זיין טוב. האָב איך זיך אָנגעגעבן: מייק גילינֵי, נאָר גאָט באַהיט, רופט מיך מיסטער גילינֵי. קיין מאָל ביים ערשטן נאָמען. איצט ווייסט איר ווי איך הייס?...

— גאַנץ געוויס, מיסטער גילינֵי, און עס קלינגט טאַקע ווי איטאַליעניש!

— האָט זי געזאָגט.

— נו, איצט פאַרזוכט אַ קאַרטאָפל מיט בוריקעס־באָרשטש; עס פאַרגייט אין יעדן אבר.

לאה האָט זיך נאָך געפילט הונגעריק, האָט זי גערן גענומען אַ קאַרטאָפל און אַ טעלערל מיט באָרשט, וואָס ער האָט פון פריער אָפּגעגאָסן פון זיין טעלער, איידער ער האָט געגעסן.

— נו, געשמאַק? — פרעגט ער, — שעמט זיך ניט. זאָגט, וועל איך באַשטעלן נאָך אַ פּאָרציע.

— ווייסט איר, מיסטער גילינֵי, אַז איך האָב היינט קיין פרישטיק ניט געגעסן, און טאַקע איבער אייך!

— וואָס הייסט איבער מיר?

— איר האָט היינט צוגענומען מיין צייט. איר האָט היינט פרי מיט מיר געשמועסט און איך האָב קיין צייט געהאַט פאַר מיין פרישטיק צו עסן.

— אויב אַזוי, מוז איך גלייך באַשטעלן נאָך אַ פּאָרציע, — און ער האָט תיכף באַשטעלט.

— איך מוז באַצאָלן פאַר אייך אויך, — האָט ער געזאָגט, — דאָס איז מיין פּסק פאַר לאָזן אייך הונגערן...

— נו, גוט, — האָט זי זיך קלינגנד צעלאַכט...

— נו, — זאָגט ער, — וועלן מיר היינט האָבן אַ שיינעם אורח צום טיש! וועט מיין מאַמע זיך דאָס דערפרייען. פּשוט נחת האָבן...

— איך האָב אייך ניט געזאָגט, אַז איך וועל גיין, — האָט זי געזאָגט, נאָר איך זע ווי ס'גייט וועגן אייער מוטערס מצוה פאַר אַ שבת־אורח, וועל איך גיין. יאָ, וואָס זאָל איך אָנטאָן, מיסטער גיליני?

— אָט דאָס וואָס איר טראָגט איצט, וועט אויך זיין גוט. עס פּאַסט אייך זייער אַלץ, וואָס איר טראָגט. מיר וועלן ביידע פון דער אַרבעט גלייך גיין אַהיים, מאַכן דער מאַמען אַ סיורפּריז, אונדז אַלעמען דאָרטן. איר וועט פאַר־שיינען די שטוב. ס'וועלן ברענען די ליכט אין די לייכטער שענער ווען איר וועט קוקן אויף זיי...

זיינע ווערטער האָבן איר האַרץ פאַרדריקט ביז טרערן. דעם ערשטן טאָג אַז זי רעדט מיט אים, און זי פילט זיך, ווי זי וואָלט לאַנג, לאַנג אים געקאָנט ווי זיס ס'קלינגט זיין שטימע. זי האָט געוווּסט, אַז ער איז אין איר פאַרליבט... און איך פיל אויך... אָט גיי איך אין זיין שטוב. נו, זאָל זיין צוליב זיין מוטער. אָ, מאַמע, טאַטעלע!... זי איז ווי אין אַ טראַנס. וואָס ער זאָגט, איז זי מסכים. זי פלעגט מיט אַלעמען זיך קריגן, אַפילו אויף אַ גלייכע זאַך פלעגט זי גלייך ניט מסכים זיין. ער האָט זי געהאַלטן אונטערן אָרעם ווען זיי זיינען אַרויס פון רעסטאָראַן.

ווען זיי זיינען אַריין אין אָפיס פון בילדינג, האָבן שוין די מיידלעך זיך געשושקעט... און געקיכעט. איינע האָט זיך אָפּגערופן:

— נעלי האָט אַפּנים היינט ניט געגעסן אין אויטאָמאַט!..

— ניין, — האָט ער געענטפערט, — איך האָב נעלין איינגעלאַדן צו גיין מיט מיר עסן „לאָנטש".

— זי האָט גלייך געפונען דעם האָניק־טייגל — האָט אַ צווייטע געזאָגט.

— אָ, מאַכט זיך ניט נאַריש, — האָט לאה געזאָגט, — אַז מען גייט אַרויס מיט אַ מאַן, איז וואָס? דאָס איז די ערשטע פאָר ווערטער, וואָס מיר האָבן גע־רעדט זינט איך אַרבעט דאָ.

— עי, מיידלעך, ,איך וויל וועגן דעם מער ניט הערן! איר הערט?! ניט אַ וואָרט!... ניט אַ וואָרט! איך זאָל אייך ווייטער דאָס ניט דאַרפן דערמאָנען. גייט צו דער אַרבעט!...

און אַ זאָג געטאָן אין איטאַליעניש: — „מאַמאַ מיא, וואָמען"!...

פון דער אַרבעט זיינען זיי ביידע ניט געגאַנגען צוזאַמען, כדי ס'זאָל ניט צעשפּרייט ווערן, אַז נעלי און מייק, דער פאַרוואַלטער, זיינען פריינט געוואָרן. ער האָט איר נאָך בעפאָר געגעבן אַ צעטעלע, ווו זי זאָל וואַרטן אויף אים.

זיי האָבן געאַרבעט אויף פּערצנטע גאַס, און גיליני האָט געווױנט אויף מעדיסאָן גאַס. זיי האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן אויף צענטע גאַס און ערשטע עוועניו. ער האָט געוואָלט נעמען אַ טעקסי, נאָר זי האָט בעסער געוואָלט גיין שפּאַצירן. זי האָט זיך געפילט גוט ווען זי איז געווען ביי זיין זייט! זי האָט דאָס אַפילו ניט געפילט צו איר אַמאָליקן געליבטן, דעם ערל... פריער האָט איר האַרץ אויך אַ ציטער געטאָן, ווען ער פלעגט אויף איר אַ קוק טאָן, נאָר דאַן האָט זי דאָס נישט געחלומט... ווייל זי האָט געהאַסט אַלעמען, וואָס האָבן דאָרט געאַרבעט און געטראָגן צלמ׳לעך. נאָר די לעצטע צייט, ווען ער פלעגט צו איר שמייכלען, האָט עפּעס געגעבן אַ שמייכל אין מוח און האַרץ...

— אפשר איז נאָך דאָ יידן, וואָס טראָגן צלמ׳לעך? אפשר? — זי וואָלט איצט געשפּאַצירט די גאַנצע נאַכט...

— אָט דאָ זיינען מיר, — האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, — דאָ ווױן איך.

ס׳איז געווען אַן אַלט פינף־גאָריקע שטיין הויז, מיט דאָפּלטע נומערן: 103—5. דער קאָרידאָר איז געווען אַ שמאָלער, אַ לאַנגער, אגב ריין און ס׳האָט געשמעקט מיט פייכטקייט, ווייל מ׳האָט ניט לאַנג געוואַשן דעם קאָרידאָר און די טרעפּן. אַ שטיקל קאָרידאָר פון דער פאָדערשטער טיר ביז דער צווייטער טיר איז געווען אויף ביידע זייטן ווענט בריוו־קעסטלעך פון די באַוווינער, און אין יעדן קעסטל איז געווען אַזאַ מין טרייבל, וואָס מען פלעגט אַ בלאָז טאָן, און ס׳פלעגט אַריינפייפן אין דער וווינונג, וואָס צו ווּעמען ס׳האָט באַלאַנגט די טרייבל, און דאַן פלעגט מען זיך קאָנען צוזאַמענריידן. אויף יעדן בריוו־קעסטל האָט יעדער געהאַט זיין נאָמען.

— אָט, זעט איר, -- האָט ער אָנגעוויזן אויפן בריוו־קעסטל, — אָט איז דער נאָמען: רבי גילינ׳... צוליב דעם, וואָס מיין פאָטער איז אַ רב, ווּינען מיר אויפן ערשטן שטאָק. ער האָט אַ בלאָז־געטאָן און געזאָגט זיין מוטער, אַז ער ברענגט אַן אורח אויף שבת...

ער האָט זי גענומען אונטערן אָרעם און האָט איר געהאָלפן אַרויפגיין אויף די טרעפּ.

— ס׳קלאַפּט דאָס האַרץ, — האָט לאה געזאָגט. — אַ פרעמדער מענטש קומט עסן אַ שבתדיקע וועטשערע אין אַ פרעמד הויז...

— און נאָך וואָס פאַר אַ וועטשערע?! איר האָט שוין לאַנג אַזאַ וועטשערע ניט געגעסן!...

די מוטער איז שוין געשטאַנען ביים דער אָפענער טיר אַן אויסגעפּוצטע; אַ שבתדיקע מלכה, און האָט שמייכלדיק אַ זאָג געטאָן:

— ברוך־הבאָ, אורחטע, ברוך־הבאָ, טייערע אורחטע. שלום! — האָט זי איר געגעבן די האַנט. — קומט, קומט אַריין, מיט כבוד נעם איך אייך אויף, געבענטשט זאָל זיין אייער קומען.

לאה איז אַריין אין שטוב.

ס׳איז געשטאַנען אין עס־צימער אַ גרויסער טיש און ס׳האָט געברענט אַכט ליכט אין זילבערנע לייכטער. ס׳איז געשטאַנען אַ גראַפין מיט אַ טונקל רויטן ווײַן; ס׳איז געלעגן אַ גרויסע געפלאָכטענע חלה, איבערגעדעקט מיט אַ סער־וועטקע; צושטעלטע טעלער מיט גאָלדענע ראַנדן און זילבערנע עס־געצייג:

לעפל, גאָפּל וכדומה. צוויי מיידלעך און צוויי בחורים פון פופצן ביז פינף־און־צוואנציק זיינען געזעסן ביים טיש. דאָס פינף־יאָריקע ייִנגעלע האָט ניט אַראָפּ־גענומען זיינע אייגעלעך פון לאה׳ען. דאָס צוויי־יאָריקע מיידעלע איז געזעסן שטיל, מיט אַ פינגערל אין מויל, און האָט געשמייכלט צו לאה׳לען... דער פאָטער איז אַריין פון צווייטן חדר; ער האָט זיך איבערגעטאָן, קומענדיק ערשט פון שול. ער האָט געהאַט אַ שיינע באָרד, נישט קיין לאַנגע; אַ הויכער, שיין גע־בויטער מאַן, מיט אַ בויגלעכן נאָז, מיט טיפע אויגן. ער האָט געטראָגן אַ נאַכט־ראָק, פאַרגאַרטלט מיט אַ הויכע יאַרמלקע.

— דאָס איז מיין פאָטער, — האָט משה געזאָגט צו לאה׳ן, און זיך געווענט צום פאָטער: — טאַטע, דאָס איז אילין, איר יידישער נאָמען איז לאה. זי אַרבעט מיט מיר ביי דער טעלעפאָן־קאָמפּאַניע.

— ברוך־הבא, — האָט געזאָגט דער רב, און איר געגעבן די האַנט: — שלום עליכם און אַ גוט שבת. מאַכט זיך היימיש!...

— און דאָס זיינען מיינע צוויי שוועסטערן: יהודית און שרה׳קע, מיין ייִנגערער ברודער דוד, און דער דריטער פון מיר, יצחקל.

די קינדער זיינען אויפגעשטאַנען און געגעבן די הענט לאה׳ן, און לאה׳לע האָט געברענט פון באַגריסונג און התפעלות. אירע באַקן האָבן געבליט ווי בלומען...

— דאָס זיינען מיינע צוויי קינדערלעך, — האָט ער איר אָנגעוויזן: — מיין זון אברהם און מיין טעכטערל רות.

לאה איז צו צום מיידעלע און זי אַ קוש געטאָן.

— צעזעצט זיך, קינדער, און איך וועל קידוש מאַכן, — האָט דער רב געזאָגט. מען האָט זיך צעזעצט און מען האָט געמאַכט שטח פאַרן אורח.

— איך וויל זיצן נעבן דער שיינער מיידל... — האָט געזאָגט דאָס מיידעלע, רות.

— זייער שיין, מיין קינד. דו זיץ צווישן טאַטן און דער שיינער מיידל: גוט?! — האָט געזאָגט די מוטער, רביצין.

דער רב האָט געמאַכט קידוש, די מוטער האָט אָנגעגאָסן פון גרויסן בעכער אין די גלעזלעך, וואָס איז אַרום געשטאַנען. דער רב האָט געמאַכט אַ ברכה איבער דער חלה און האָט איינגעטונקען דעם ערשטן ביסן אין זאַלץ און זיך רחבותדיק געזעצט. די רביצין, די מוטער, האָט גענומען טראָגן די געפילטע פיש; די ייִנגערע טאָכטער, שרה׳קע, האָט איר געהאָלפן. ס׳איז געשטאַנען זענעפט און רויטן כריין אויפן טיש און יעדער האָט גענומען, וואָס ער האָט ליב געהאַט. מען האָט ווייניק גערעדט בעתן עסן. נאָר פון איין געריכט ביזן צווייטן האָט מען זיך אַדורכגוואָרפן מיט אַ וואָרט. דער רב האָט זייער אָפט געניימ׳ט אויף לאה׳לען. זי איז געווען אַזוי שיין, אַז אַלע האָבן זי ליב באַקומען. זי איז געזעסן ווי אַ קעניגן. אירע אויגן האָבן טאַקע, ווי משה האָט געזאָגט, ווען פאַרליכטיקן די שטוב. מיטן גרעסטן דרך־ארץ און מיט כבוד־גדול האָט מען זיך צו איר באַנומען.

נאָכן עסן האָט מען אַ ביסל געשמועסט, זיך נאָכגעפרעגט, ווער זי איז, ווער ס׳זיינען אירע עלטערן. זי האָט זיך דערוווסט, אַז אין קורצן וועט משה, מאָזעס,

אָדער מייק, ווי ער האָט זיך גערופן אין דער טעלעפאָן־קאָמפּאַניע, וועט עפּענען זיין אייגן אָפיס נאָך זיין עקזאַמען אַלס „אַקאַנטן״. ער האָט זיך געלערנט אין נאַכטיקע קורסן אין סיטי קאָלעדזש.

דער רב און די רביצין און אַלע אין הויז האָבן לאה׳לען גרויס כבוד פאַר־שאַפט. זי האָט געשלונגען הייסע טרערן און איר האַרץ האָט האַסטיק געקלאַפּט פון נחת, וואָס זי האָט געקראָגן פון אַזאַ ליבלעכע משפחה.

— נו, — האָט געזאָגט מאָזעס, — איך דאַרף דעם גאַסט אַהיים אָפּפירן. מען מוז נאָך מאָרגן גיין צו דער עבודה. דערווייל בין איך דאָך ניט קיין רב... אגב, טאַטע, ווען איך וועל עפּענען מיין אייגן אָפיס, בלי־נדר, וועל איך האַלטן פון שבת. אגב, בלי־נדר אין אַמעריקע, קאָן מען אַזאַ נדר אויף זיך ניט נעמען. דאָך וועל איך שבת ניט אַרבעטן. איך וועל קאָנען מיין מלאכה טאָן אין זונטיק.

— זיי געבענטשט, מיין קינד. וועלן, איז אַ האַלבע מצוה... אַ גוטע נאַכט מיינע קינדערלעך. און איר — האָט ער זיך געווענדעט צו לאה׳ן, — זייט אַן אָפטער אורח, אַ בת־בית ביי אונדז. אַלעמען געפעלט איר דאָ, אַפילו דאָס קליינע רות קלעפּט זיך צו אייך...

פאַרן אַוועקגיין, און ביים געזעגענען זיך, האָט די מוטער, די רביצין, מיט אירע שיינע רונדע ליפּן זי אַ קוש געטאָן, און איר רונדער שיינער פּנים האָט געלויכטן פון נחת און געזאָגט:

— איר האָט מיר פאַרשאַפט דעם גרעסטן נחת־רוח, וואָס איך האָב ווען געהאַט! גאָט זאָל אייך מצליח זיין. גייט געזונטערהייט און אַ יישר־כוח. גיי מיין זון, גיי, באַגלייט דער חשובער אורח׳טע.

זיי זיינען אַרויס פון הויז; זי אַ גליקלעכע.

— מירן שפּאַצירן. איך וויל ניט פאָרן, — האָט לאה געזאָגט. נאָכן עסן איז בעסער, אַז מען גייט זיך אַדורך. אויב איר זייט ניט קעגן, מיסטער גיליני.

— מיטן גרעסטן פאַרגעניגן. גראַדע פאַרקערט, איך וויל שפּאַצירן! איך האָב ליב צו גיין. — ער האָט זי גענומען אונטערן אָרעם.

— ווי געפעלט אייך מיין משפחה, לאה׳לע?

— מיר געפעלט עס גאָר, — האָט זי שטיל געזאָגט... מיר געפעלט עס גאָר. די שכינה רוט אין אַזאַ הויז. גאָטגעוועלטיקט דאָ... איך האָב דאָך אַזאַ היים, אַזאַ משפחה גאָרנישט באַגעגנט. איך האָב געמיינט, אַז מיין טאַטע און מאַמע... אָבער זיי זיינען ניט אַזוי פרום. דאָך האָבן זיי ניט געוואָלט מיט גויים צופיל צו טאָן האָבן... און איצט זע איך איין, אַז זיי זיינען געווען גערעכט. איך וועל זיי שרייבן וואָס פאַר אַ משפחה איך האָב געטראָפן. אַ הויז, ווו די שכינה רוט. אהבה געוועלטיקט דאָרט!

— אפשר געפעל איך אייך, לאה׳לע?

— זי האָט געשוויגן אַ ווײַלע און געזאָגט:

— אפשר, אויך?... ס׳איז מאָדנע. אַלץ אין איין טאָג... סע שווינדלט פאַר די אויגן...

זיי האָבן זיך צוגעזעצט אין זיבנטע גאַס פּאַרק. ס׳איז דאָרט פול געווען מיט פּאָרלעך באַזעצט...

— אַזוי איז דאָס לעבן, מיין טייערע. אַלץ קומט, בהיסח הדעת. אַלץ קומט

אומדערוואַרטעט: גליק, אומגליק... מען דאַרף נאַר וויסן ווי אויסצונוצן דעם צופאַל, די געלעגנהייט. דאָס גליק איז אַ גליטשיקע זאַך: פּאַרזעסטו עס, אָדער שפּילסטו זיך מיט דעם צו לאַנג, — גליטש ער זיך אַרויס... אַי, אַי, אַי, — ס׳העלפט ניט. פאַרלאָרן!...

— פאַרוואָס האָט איר מיך געפרעגט צי איר געפעלט מיר? ווען איר וואָלט מיר ניט געפעלן, וואָלט איך צו אייך ניט געקומען. — געפעל איך אייך?!...

— אָ, יע! פון ערשטן בליק אויף אייך האָב איך אייך אין מיר איינגעזויגן... איך האָב גלייך דערקאַנט, אַז איר זייט אַ יידישע טאָכטער. נעכט בין איך ניט געשלאָפן, געטראַכט פון אייך. איר זייט פאַר מיר געשטאַנען ווי אַ מלאך אָן פליגלען. איך האָב געפילט אייער ווייַ, פאַר טראָגן דאָס צלמ׳ל... וואָלט איר מיט מיר געוואָלט חתונה האָבן? — און איז שטיל געבליבן. — איר וועט מער ניט דאַרפן טראָגן קיין צלמ׳ל... די קינדער קאָנען זיך האָדעווען ביי מיין מוטער.

— אָ, ניין, — האָט זי געזאָגט, — די קינדער האָב איך ליב. די קליינע, רות...

— נו, זאָל זיין מיט מזל, — האָט ער זי צוגעדריקט צום ברוסט און זי באַשאָטן מיט קושן... לגמרי גיי מער ניט אַרבעטן. אַפילו מאָרגן ניט, — האָט ער זי געבעטן. — ווי איז דערווייל דיין פאַמיליע־נאָמען, לאה׳לע?...

— מיין צווייטער נאָמען איז דעלגין, לאה דעלגין. מיין פאָטער הייסט לייב־בער און מיין מאַמע הייסט חנה.

ער האָט זי אָפּגעפירט אַהיים און זי פיל אָנגעקושט...

— נו, גענוג — האָט זי געזאָגט, — דאַרפסט גיין שלאָפן. ס׳איז שוין צוועלף אַזייגער און איך וויל זיך אויך אויסרוען און אַרומקלערן, וואָס ס׳האָט מיט מיר פּאַסירט; צי ס׳איז ניט אַ חלום...

— אָ, ניין, מיין טייערע, ס׳איז ניט קיין חלום. אַלץ איז ווירקלעך, אַבסאָלוט!... און אַ גוטע נאַכט, און חלום פון מיר, — און זיך מיט איר ווידער צעקושט און איז פריילעך אַוועק.

לאה זיצט קעגן שפּיגל אין איר צימער און באַקוקט זיך: איך בין טאַקע ניט קיין מיאוסע. איז דאָס ניט אַ חלום? קאָן דאָס גליק קומען פּלוצים, אומדערוואַר־טעט?... אָ, גאָט, פיר מיך אויפן גלייכן דרך. איך האָב אַזוי פיל צרות געהאַט, אַזוי פיל ליידן. הונגער האָט מיך באַצוווּנגען אַ צלמ׳ל אָנצוטאָן. אגב מיין ערלעכ־קייט — אויסגעהאַלטן!... איך בין אַ יידישע טאָכטער און וועל פאַרבלייבן אַ יידישע טאָכטער. איך דאַנק דיר גאָט פאַר מיין זווג, וואָס דו האָסט מיר צו־געשיקט, געבענטשט און געלויבן זאָלסטו זיין — אמן! מאָרגן טראָג איך מער ניט דעם צלמ׳ל, — און האָט אים געשליידערט צום פאָדלאָגע...

זי האָט גענומען אַ קאָנווערט מיט אַ בויגעלע פּאַפּיר און האָט אָנגעשריבן עטלעכע שורות:

— ליבע טאַטע און מאַמע: איך בין נאַר וואָס אַ כלה געוואָרן צו אַ וווּנ־דערלעכן יונגן מאַן און אין קורצן גיי איך מיט אים חתונה האָבן. זיין פאָטער איז אַ רב, און היינט האָב איך געגעסן ביי זיי אַ שבתדיקע וועטשערע. איך בין גליקלעך!... גליקלעך!... גרייט זיך צו קומען צו מיין חתונה. איך קוש אייך פון וייטן...

אייער טאָכטער, לאה.

# ייציקל שטאָלער

ייציקל, אַ קליין מענטשעלע מיט אַ מאָגער, לאַנג פּנים. אַ פּנים, ווייס, ווי ער וואָלט קיין בלוט אין זיך ניט פֿאַרמאָגט. האָר אויפֿן קאָפּ האָט ער פֿאַרמאָגט, וואָס האָט זיך אַרויסגעזען פֿון זיין יאַרמולקע און אויך שיטערע. אַ שטערן האָט ער געהאַט אַ בכבודיקן. שלייפֿן כמעט ווי הערנער וואָלטן אַרויסגעשטאַרצט. הויך רחבותדיק, ווי ביי אַ יונגן אָקס, ווען ס'הייבט זיי אָן אַרויסצוגיין די הערנער. אויגן איינגעגראָבענע ווי לעכער, דער געבויגענער נאָז האָט דערגרייכט כמעט ביז דער אונטערשטער ליפּ, — אַן עכט טיפּישער ייד. אין כלל פֿון ווייטן האָט מען געקאָנט דענקען אויב ס'איז גאָר אַ סקעלעט, ווען ער איז געשטאַנען פֿאַרטראַכט און אויף איין אָרט.

ייציקל, הגם ער האָט אַזוי חולה אויסגעזען, האָט געהאַט גראַדע אַ פּאָר ידיים פֿון אַ גיבור. זיינע הענט האָבן גאָר ניט באַלאַנגט צו זיין גוף, פֿלעגן יידן זאָגן:

— אַ קליין, דאַר מענטשל האָט הענט פֿון אַ שמשון־הגבור.

— ווי קומט עס, — האָט אים איין מאָל געפֿרעגט זיינער אַ פֿריינט, דודל לעוו, אַ יונג מיט ביינער, וואָס פֿלעגט אָוועקלייגן אַן אָקס, — ווי קומט עס צו דיר? דו ביסט דאָך אַרום פֿינף־און־פֿערציק און דו עסט גראַדע וויפֿיל איך און אַמאָל נאָך מער פֿון מיר, און ס'זעט זיך ניט אָן אויף דיר. איך בין פֿינף־און־דרייסיק, נאָך ניט אַלט, און דו טוסט אָפּ מער מלאכה פֿון מיר.

ייציקל האָט ווייניק גערעדט, ווייניק געלאַכט און וואָס ער האָט געטאָן האָט ער זיך ניט געאיילט. נאָר די מלאכה איז געגאַנגען ווי פֿון אַ מאַשין. ער איז געווען אַ שטאָליער. זיין באַלעבאָס האָט געוווסט אַז ייציקל איז זיין ברויט־געבער, זיין חיונה געבער. אָן ייציקלען, פֿלעגט ער טראַכטן, וואָלט זיין ווערק־שטאַט אַזאַ נאָמען ניט געהאַט: זיינע אַלמערס, זיינע בופֿעטן האָבן אַ שם געהאַט איבער גאָר דעם מצב. די עשירים פֿון שטאָט האָבן צו אים זיך געצויגן פֿון ארבע־פּינות פֿון שטאָט און פֿון אַנדערע מקומות אַרום, אַזוי האָט זיין מלאכה געשמט.

ייציקל האָט אָפּט, שבת אין שול, שחרית געדאַוונט ביים עמוד און אַמאָל, אַז מען האָט אים שטאַרק געבעטן, האָט ער אַ מוסף אויך געדאַוונט. ער האָט געדאַוונט מיט אַ ווייַנענדער שטימע, ווי ער וואָלט ביים דאַווענען זיך אויס־געטענהט מיטן רבונו־של־עולם... עס האָט זיך געפֿילט אין זיין דאַווענען טענות, קשיות... אגב איז שווער געווען אים איינצובעטן. ער האָט נאָר געדאַוונט, ווען דער שטענדיקער בעל־תפֿילה, דער חזן, האָט אויסגעפֿעלט: חולה געווען, אָדער אַן אַנדער סיבה.

ער האָט גראַדע אין שול געדאַוונט נאָר שבת און יום־טובים. ער האָט טאָקע גאַנץ ווייטלעך געוווינט פֿון שול. זומער, ווען ס'איז וואַרעם געווען, פֿלעגט ער נאָך וועטשערע אָוועקשפּאַנען אין שול אַריין און פֿלעגט זיך צוהערן ווי די עלטערע יידן פֿלעגן לערנען משניות אָדער אַ בלאַט גמרא... ער פֿלעגט זיצן ביים זייט, ביים שטענדער, אָנגעשפּאַרט זיין רעכטע האַנט אונטערן אויער, הערן און שווייגן... אַזוי פֿלעגט ער אָפּזיצן אַ שעה—צוויי, און אַוועק שטיל אַהיים.

איינמאָל האָט זיין ווייב, יהודית, צו אים צוגעשטאַנען, אַז ער זאָל אַליין עפענען אַ ווערקשטאַט: ס׳טייטש, — האָט זי געזאָגט, און פשוט זיך צעקלאָגט, — ס׳טייטש, דער בעסטער בעל־מלאכה אין שטאָט זאָל אַרבעטן פאַר אַ באַלעבאָס! דו גיסט אים פשוט דיין ברויט אַוועק, ייציקל!... — האָט זי זיך צעשריען, — דו האָסט זעקס קינדער, האָסט צוויי כלה־מוידן און אפשר דריי... די דריטע איז באַלד... דו הערסט ייציקל? דו האָסט דאָך געלערנט, ייציקל: אדם קרוב לעצמו!...

— איך קאָן דאָס ניט, יהודיתל. איך אַרבעט ביי ר׳ בערן שוין איבער צוואַנציק יאָר אַז איך וועל ווערן מיין אייגענער באַלעבאָס, וועט ער דאָך קיין ברויט ניט האָבן. אַלע זיינע קונים וועלן אים פאַרלאָזן און קומען צו מיר. ער איז דאָך אַן עלטערער מאַן און ער קאָן דאָך שוין אַליין ניט אַרבעטן... מען דאַרף דאָך זיין אַ גזלן, יהודיתל...

יהודית האָט זיך גענומען קרימען פון אים:

— מען דאַרף דאָך זיין אַ גזלן!... און אַ גזלן צו דיינע קינדער — יאָ?!... האָסט נדן פאַר דיינע טעכטער?! שרה׳קע האָט געדאַרפט מיט אַ יאָר צוריק חתונה האָבן, האָסטו געהאַט דעם נאַדן, וואָס דו האָסט צוגעזאָגט? איז אַ דאַנק גאָט, וואָס יצחקן האָט מען צוגענומען פאַר אַ יון, אַז ער וועט קומען צוריק און קיין נדן וועט ניט זיין, וועט קיין חתן אויך ניט זיין... יצחקל אַן אויסגע־דינטער וועט מער חשוב ביי זיך ווערן... ווער ווייס?... חלילה... זאָל גאָט אונדז ניט באַשראָפן... אַן אויסגעדינטער סאָלדאַט און שרה׳קע דריי יאָר עלטער... דו הערסט, ייציקל, ביסט אַ טאַטע, אָדער אַ פלאָקן?! — נו גוט, — האָט זי געזאָגט, איך וועל גיין צו ר׳ בערן, איך וועל מיט אים האָבן אַ שמועס, איך וועל אים פרעגן אַ פּאָר קשיות! אַלע זיינע קינדער זיינען אויסגעגעבן און דו האָסט אַ זעקס יאָריקע טאָכטער!... מאָרגן זאָלסטו ניט גיין צו מלאכה. איך וועל גיין און איך וועל אָפּטאָן אַ שטיקל עבודה. יאָ, איך!...

ייציקל האָט געקוקט אויף זיין ווייב מיט בעטנדע אויגן און געשוויגן.

— וואָס קוקסטו אויף מיר מיט דיינע קעלבענע אויגן? וואָס וועט זיין מיט דיר, ייציקל? יעדעס מאָל דאַרף איך פאַר דיר גיין בעטן ביי ר׳ בערן אַ ביסל מער רווח. ווען איך וואָלט ניט בעטן פאַר אַ ביסל מער שכר־מלאכה, וואָלסטו געקראָגן דעם זעלבן שכר נאָך איצט!... וואָס האָסטו מורא פאַר אים? ער דאַרף דיך מער, ווי דו דאַרפסט אים! לגמרי דאַרפסטו אים גאָר ניט: דו ביסט אַ גרעסערער לא־יוצלח ווי מיין טאַטע, דער מלמד; ער קוועטשט דעם באַנק מיט זיינע ספּענצער־יאַטלעך, פונקט ווי מיט דרייסיק יאָר צוריק און קריגט דעם זעלבן שכר־לימוד ווי מיט פערציק יאָר צוריק, — האָב איך אַ טאַטן און אַ מאַן!... אָבער איך בין ניט די מאַמע, דו הערסט? איך האָב אַ לא־יוצלח אַ מאַן, מוז איך לאָזן הערן מיין לשון, מיין דבר... וואָס שווייגסטו? וואָס קוקסטו אויף מיר ווי אַ קאַלב?!... ווען דו וואָלסט אַ מלמד געווען, וואָלסטו מער פאַר־דינט!... דער טאַטע פלעגט נאָר ריידן פון דיין גאונות... אַלץ קאָנסטו: קאָנסט לערנען, קאָנסט גוט אַרבעטן, ביסט דער בעסטער סטאָלער אין דעם מצב, און — אַלץ אַזאַ לא־יוצלח... וואָס שווייגסטו ייציקל?

ייציקל האָט צעשפּרייט זיינע גרויסע שווערע הענט און געקוועטשט מיט די פּלייצעס:

— וואָס זאָל איך דברן, וואָס זאָל איך זאָגן? — האָט ער געזאָגט, — דו האַלטסט אין איין ריידן; דו דברסט שוין פאַר אונדז ביידן. און אַז איך וועל דיר זאָגן, איז וואָס, וועסטו מיר פאָלגן? שוויג איך!...

— שווייג איך!... — האָט זי אים נאָכגעקרימט, — גיי נעם אַ ספר אין מויל און שווייג... און איך וועל שוין טאָן וואָס מע דאַרף טאָן... וואָס פאַר אַ מפרנס אַ מאַן איך האָב!

☆

אַ חודש שפּעטער. ייציקל איז שוין אַ שותף מיט דעם אַלטן ר׳ בערן. ייציקל האָט ניט געקענט קוקן, פאַר פילע טעג, ר׳ בערן אין פּנים אַריין. ער האָט זיך געשעמט אים קוקן אין פּנים. ער האָט געפילט, אַז ער האָט באַרויבט, באַגזלט, דעם באַלעבאָס, ר׳ בערן. ר׳ בער, לגמרי ניט נאָר האָט געקראָגן אַ שותף מיטן נאָמען ייציקל, נאָר אויך אַ שתופטע — יהודית — און מיט אַ מענה־לשון דערצו... להבא, ווי ס׳ווייזט אויס, וועט זי ווערן די גאַנצע בעל־דעה... און אַזוי, ווייזט אויס — איז עס געווען...

יהודית מיטן מענה־לשון איז געווען אין ווערקשטאַט מער ווי אין איר הויז... זי האָט געהאַלטן אין איין דברן... געהאַלטן אין עצות געבן און געבאַלעבאַטעוועט, ניט נאָר אויף ייציקן, נאָר אויך אויף ר׳ בערן... דער אַלטער ר׳ בער, פון ראשית, האָט געוואָלט פּראָטעסטירן, נאָר זי, יהודית, האָט אויף אים געעפנט אַ פּיסק, אַז ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט די הענט, ווי איינער וואָלט געזאָגט:

פאַרדריי זיך דיין ראש און לעבן, און לאָז מיך צו רו, — און איז אַוועק, אַרויס פון ווערקשטאַט.

יהודית האָט זיך ניט באַנוגנט מיט קאָמאַנדעווען, נאָר מיט טעראָריזם, און טאַקע געהערשט אויפן גאַנצן ווערקשאַפּט.

אי ר׳ בער, אי ייציקל, האָבן פּשוט ווי בעל־מלאכות געמוזט זיך אויפפירן אין ווערקשאַפּט: פאַר יעדער קאָפּיקע האָט זי חשבון געמאָנט. אַ צוועקל, אַז זי האָט געפונען אויפן פּאָדלאָגע, פלעגט זי זיך צעשרייען:

— מיין בלוט וואַרפן זיי אויפן פּאָדלאָגע.

עס איז אַזוי ווייט דערגאַנגען, אַז ייציקל האָט געזאָגט זיין ווייב, אַז ער וועט בעסער ווערן אַ מלמד, איידער ער וועט אַרבעטן אונטער איר ממשלה.

— וואָס דענקסטו ביסטו, אַ סטאָלער? האָסט דאָך כל־ימים ניט אַריינגעטראָטן אין ווערקשטאַט און איצט ווי אַן אוזופּאַטאָר, טעראָריזירסטו אונדז ווי דו וואָלסט געווען די בעל־מלאכה׳טע! — ר׳ בער וויל זיך צעטיילן; ער איז וויליק צו שיידן זיך אַפילו מיט מיר, אַבי פּטור ווערן פון דיר. דו ביסט אַ מרשעת, זאָגט ער. ער וואָלט זיך געשיידט מיט אַן אישה ווי דו!... ער וואָלט זי גע׳גט!...

יהודית האָט דאָס גאָר ניט געגלויבט, וואָס דער מאַן האָט איר נאָר ערשט אויסגעמסרט. זי האָט געפילט זיך צום ערשטן מאָל, אַז זי איז נידעריקער ווי איר מאַן. זי האָט זיך תמיד געפילט די קליגערע, די מער „אָטשאָניע״, די מער געלערנטע. זי איז דורך אַ פּריוואַטע אוטשילישטשע... זי האָט געקאָנט

גוט רוסיש, פויליש, העברעיש און יידיש. זי האָט מיט אים חתונה געהאַט, ווייל איר טאַטע האָט געוואָלט ייציקלען פאַר אַן איידעם; ווייל ער האָט געקאָנט גוט לערנען; ער איז ראוי פאַר רבנות, — האָט דער פאָטער, דער מלמד, גע־טענהט. אַז, וואָס ער איז אַ סטאָלער, איז ביים מלמד געווען נאָך מער מפלאה, ווונדער, אַ גרעסער נס... ער פלעגט פיל מאָל טראַכטן, דאָס הייסט, דער פאָטער, דער מלמד: ווי קומט צו אַזאַ שטילן בעל־מלאכה, אַזוי פיל תורה קענען? ער איז אַ מופלג!... ער האָט אים שיער מהרהר געווען: צי איז נישט דער בחור — פון די הייליקע?... ער האָט ניט געוואָלט זאָגן למד־ואו...

זי, יהודית, האָט אים ניט געליבט: ניט קיין שיינער, אַ קליינער, אַ מאָ־גערער, מיט אַ הויקער־נאָז, מיט גראָבע ליפּן מיט הענט פון אַ מאַלפּע, — צו גרויס פאַר זיין קליינעם גוף. נאָר איין זאַך האָט ער פאַרמאָגט: חכמה און ליכטיקע אויגן, מיט אַ גרויסן שטערן, וואָס האָט געמאַכט צו האָבן דרך־ארץ פאַר אים. ער האָט אויך געקאָנט די לשונות, וואָס זי האָט געקאָנט. זי האָט זיך פיל מאָל געוווּנדערט, וואָס ער באַרימט זיך ניט, לגמרי ניט, אַז ער קאָן — סיי לערנען — סיי לשונות... ס'האָט גערייצט איר פאַנטאַזיע, — זיין סודות־דיקער לעבן; זיין אינדיווידועט און פשוטקייט... הגם, נאָך דער חתונה האָט זי געוועלטיקט אויף אים און ער האָט געשוויגן און געטאָן נאָר איר ווילן. ער האָט זי קיין מאָל אַליין ניט אַ קוש געטאָן, אַפילו אין מאָמענטן... סיידן, זי האָט אים געהייסן איר אַ קוש טאָן — האָט ער געטאָן. ער האָט קיין מאָל ניט פּראָטעסטירט וואָס זי זאָל אים ניט אָנטאָן — עגמת־נפש, ווי למשל, גערופן לאַ־יוצלח, טויגעניכטס, וכדומה. האָט ער ניט געגליכן וואָס זי האָט געזאָגט, פלעגט ער אַוועקגיין ווען אַפילו עס האָט אים וויי געטאָן...

די עלטערע קינדער האָבן דעם פאָטער מער ליב געהאַט ווי די מוטער. די עלטערע טאָכטער האָט ניט געקאָנט פאַרטראָגן ווי די מוטער פלעגט אָפט פון אים חוזק מאַכן, פון פאָטער, און ער נישט אַ וואָרט... וואָרום שווייגט ער איר? — פלעגט זי טראַכטן.

ער פלעגט פיל מאָל נעמען אַ ספר נאָך אַזאַ חוזקן און שטילן זיין ביטער דאָליע, — מיט אַ בלאַט גמרה.

ניט אַלע האָבן געוווּסט, אַז ייציקל איז אַ בעל־תורה. ער האָט זיך קיין מאָל לגמרי ניט אַריינגעלאָזט אין ויכוחים; ער פלעגט זיך צוהערן ווי אַנדערע לערנען און שווייגן. אגב האָט מען געוווּסט: ייציקל מוז קענען די קליינע פּינטעלעך... וואָס דען, זיין שווער, דער מלמד, וואָלט אַ סטאָלער גענומען פאַר זיין גערעטענער טאָכטער — פאַר אַ מאַן?

אגב, איז ער פאַרזען געוואָרן, ווייל ער איז געווען אַ שווייגער, ניט קיין שטופּער און ויכוחים ניט פאַרפירט ווי אַ סך, וואָס זיינען פולע פעסלעך מיט ווייַן און מאַכן קיין טאַראַראַם ניט...

דער, וואָס האָט ייציקל געקענט, האָט אים ליב געקראָגן, ווייל ער האָט תמיד יעדן אָפּגעטראָטן אַפילו אַן אומגערעכטע זאַך. דערפאַר האָט ער טאַקע קיין שונאים ניט געהאַט.

שבת אַמאָל, פלעגט ער נעמען זיין צען יאָריקן זון, מענדעלען, און זיי פלעגן כאַפּן אַ שפּאַציר הינטערן שטאָט. ער פלעגט אַריינגיין אין סאָסנעם וועלדל

און זיך אויסציען און קוקן דורך די שפּאַלטן־צווייגן אויף די ווייסע וואָלקנס, וואָס פלעגן שווימען ווי שיפן אויף אַ בלאָען ים. האָט דער זון אים אַמאָל אַ פרעג געטאָן:

— טאַטע, פאַרוואָס קומסטו תּמיד דאָ אין וואַלד און תּמיד קוקסטו אויף די ווייסע וואָלקנס? קאָנען מיר ניט גיין שפּאַצירן אין בולוואַר? דאָרטן שפּילט מוזיק, און שיינע אויסגעזעצטע בלומען און בענק ווו מען קאָן זיך זעצן, ניט ווי דאָ, ווו ס׳קריכן אַלערליי מינים אינזעקטן, שרצים. אַמאָל, גאָט באַהיט, קאָן נאָך אַ שלאַנג אַ ביס טאָן, טאַטע!...

— דאָ, מיין זון, קאָן איך דינען גאָט, בעטן גאָט, אויסטענהן זיך מיט גאָט. דאָ הערט גאָט מיט מער התלהבות צו די וואָס דינען צו אים...

— בעטן גאָט, תּפילה טאָן, דאַרף מען גיין אין שול, טאַטע, — האָט דאָס יינגל געזאָגט.

— יאָ, מיין זון, ס׳איז אמת, תּפילה טאָן דאַרף מען גיין אין בית־המדרש. אין בית־המדרש דאַרף גאָט זיך צוהערן צו אַ סך תּפילות... אַזוי פיל תּפילות... דאָ בין איך אַליין, דאָ פיל איך ווי איך וואָלט מיט אים גערעדט. יאָ, אין רייד מיט אים, איך דערצייל אים פון אַלע מיינע צרות, ליידן און פון אַלע מיינע פריידן!...

— דערציילסט אים, טאַטע, ווי די מאַמע תּמיד טוט דיר אָן בושה, מביישט דיך און פאַרשעמט דיך פאַר אונדז קינדער?

— יאָ, מיין קינד, איך דערצייל אים אַלעס, אַלץ!... כל־וכל...

— און וואָס זאָגט ער דיר, טאַטע?

— איך זאָל זיין געדולדיק, בלחש איבערטראָגן, זי וועט זיך בייטן און בעסער ווערן...

נאָך יענעם געשפּרעך, ווען ער איז געקומען אַהיים, ווען דער פאָטער איז אַוועק אין בית־המדרש מנחה דאַווענען און זיך צוהערן ווי יידן לערנען תּורה, איז מענדעלע געקומען אַהיים און האָט דערציילט דער מוטער, וואָס ער האָט געשמועסט מיטן פאָטער: אַז ער גייט תּמיד אין וואַלד זיך דורכשמועסן מיטן רבונו־של־עולם; דאָרטן הערט ער אים בעסער צו, ווי אין שול, ווו אַ סך מתפּללים בעטן גאָט. איך האָב אים געפרעגט, צי בעט ער גאָט, אַז דו זאָלסט אים קיין בושה ניט אָנטאָן פאַר אונדז, קינדער; ער איז דאָך אַ טאַטע, — מאַמע!...

יהודית האָט אָנגעקוקט איר קינד, ווי ער זאָגט: ער איז דאָך אונדזער טאַטע, — מאַמע... זי האָט אים צוגעדריקט צו איר בוזים און אים אַ קוש געטאָן און אַליין איז זי אַריין אין שלאָף־חדר און מיט אַ ביטערן געוויין האָט זי זיך אַריינגעוואָרפן אין בעט און זיך געריסן די האָר און צו זיך געדברט:

— ווער קאָן דיך פאַרשטיין, ייציקל? נאָר מיין טאַטע זעט אין דיר דעם צדיק... אָ, מיין טייערער מאַן, וויפל בושה איך האָב דיר אָנגעטאָן פאַר דיינע קינדער אין די אויגן; דיך געהאַלטן פאַר אַ טפּש, אַ לאָ־יוצלח. האָסט געשוויגן אויף אַלע באַליידיקונגען... וויפל יסורים האָב איך דיר פאַרשאַפט...

דאָס קינד איז אַריין אין שלאָפצימער זאָגן דער מוטער, אַז דער פאָטער איז געקומען פון שול.

— גיי, מיין קינד, זאָג אים, אַז איך קום תיכף אַריין. גיי, גיי.

זי האָט אָפּגעווישט די טרערן. ווען זי איז אַריין, האָט זי זיך געשעמט קוקן דעם מאַן אין פּנים. זי האָט אין אים ערשט, נאָר ערשט דערזען זיין ליכטיק פּנים, ווי די שכינה וואָלט פון אים געשלאָגן... אַזאַ הייליקייט און גוטסקייט האָט פון אים געשטראַלט. די גאַנצע צייט האָט זי אַ וואָרט נישט געדברט, נישט געפּלאָגט אים...

די קינדער ביים טיש האָבן זיך געוווּנדערט, וואָס די מוטער פּייניקט ניט דעם טאַטן טשעפּעט זיך ניט צו אים און איז אַזוי שטיל, — גאָר אַן אַנדער מאַמע איז היינט אין שטוב.

ייציקל האָט געקוקט אויף מענדעלען און מענדעלע האָט געהאַלטן דאָס קעפּל אַרונטער, נאָר די אויגעלעך האָבן געקוקט אויפן פאָטער. ער האָט גע־טראַכט:

— בין איך באַגאַנגען אַ חטא, וואָס איך האָב דערציילט דער מאַמען; גאָט, פאַרגיב מיר!...

מער איז יהודית אין ווערקשטאַט ניט געגאַנגען און מסחרים האָבן זיך פּאַרדאָפּלט... ייציקל איז פיל רואיקער געוואָרן, איז פולער געוואָרן און פלוצים איז דער חתן געקומען אַ פרייער, און מען האָט געפּראַוועט אַ חתונה מכל טוב. און די אַנדערע, די צווייטע, האָט זיך אויך שוין געקליבן, בקרוב, חתונה צו האָבן, און אין שטוב האָט געהערשט שלום־בית...

יהודית איז געוואָרן אַ שטילע, אַן איבערגעטראַכטע... און דער אַלטער טאַטע איז געוואָרן אַ שטענדיקער איינגייער, און שווער און איידעם האָבן פיל מאָל ויכוחים געפירט איבער אַ בלאַט גמרא, און יהודית איז געשטאַנען פון ווייטן און האָט געשלונגען פריידיקע טרערן פון איר צדיק, דעם מאַן, — דעם גרויסן תלמיד־חכם.

אין אַנטציקונג פון ליבע

# דער טאָג פון רעכנשאַפט וועט נאָך קומען

נאָכדעם ווי דער שטראָם פון דער גרוילהאַפטער בלוט־באָד האָט זיך עטוואָס איינגעשטילט און די פאַרעיפּושטע גאַזן פון די גאַז־קאַמערן און קרעמאַטאָריעס האָבן אָנגעהויבן צו פאַרגיין האָט דער שטומער וואַלד צעעפנט זיין טיף, סודותדיק מויל און אַרויסגעשפּיגן גאַנצע מחנות אויסטערליש־באַוואַקסענע פּאַרטיזאַנען, אָפּגעריסענע און אָפּגעשליסענע, ניט דערעסענע און ניט דערשלאָפענע, אָבער אין ווּעמענס אויגן עס האָט געטאַנצט אַ בייסיק פייערל פון אַנטגילטיקן נצחון איבער דעם בלוטיקן שונא. אַרויסגעקומען זיינען זיי שייקעסווייז, דורכגעדרונגען מיט איין אַלגעמיינעם פיבערהאַפטן דראַנג: אויסצוגעפינען דעם גורל פון זייערע ליבע און טייערע, וואָס זיינען פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער גרויסער שריפה, און זען ווי ווייט און טיף גאָטס צאָרן האָט זיך אויסגעגאָסן אויף זייערע שטעט און שטעטלעך.

ווען די שאַרפע שווערד האָט זיך מיט ווילדער אכזריות אַרונטערגעלאָזן אויף דעם ליטווישן שטעטל, זיינען לייבעלע דעם שוחט׳ס און מירעלע דעם חזנ׳ס פון גרויס שרעק און בהלה געיאָגט געוואָרן אין טיפן וואַלד אַריין. ביידע האָבן זיי געוווינט אַ שטוב נעבן אַ שטוב, אַ פענצטער קעגנאיבער אַ פענצטער, אַזוי, אַז ווען יאָסעלע האָט מיט גרויס התמדה און התלהבות געלערנט זיין שיעור גמרא, האָט זיך דער אונטערנאָזיקער, פאַרבענקטער גמרא־ניגון איבערגעגאָסן אין קעגנ־איבער פענצטער און זיך פאַרגאָסן מיט מירעלעס זיסער שטימע, וואָס זי האָט געירשנט פון איר טאַטן דעם חזן. דול פון שרעק און דערשעפטע, האָבן זיי אַ שטיק צייט געבראָדזשעט אין דעם ווילדוווּקס צווישן פאַרצווייגטע ביימער, ביז אַ פּאַרטיזאַנישע אויסשפּיר־גרופּע האָט זיי באַמערקט און איבערגענומען.

און כאָטש זיי זיינען נאָך געווען מינדעריעריקע, פערצן ער און דרייצן זי, האָבן זיי זיך דאָך זייער נוצלעך געמאַכט. מירעלעס שמאָלע אויגן, אין וועלכע עס האָבן גפלאַקערט אומרואיקע פייערלעך ווי קוועק־זילבער, און אירע צוויי שוואַרץ־פּעכיקע לאַנגע צעפּ, באַצירט מיט צוויי צונטער־רויטע לענטעלעך, האָבן זיך גראַציעז געהויבן איבער איר יונגע ברוסט ווי צוויי הערנער, וואָס האָט איר געגעבן דאָס אויסזען פון אַן אמתער ווילנערקע... אירע שליחות צו די אַרומיקע דערפער איינצוהאַנדלען פּראָוויאַנט פאַר דער פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג האָט מירעלע דורכגעפירט מיט קוראַזש, אָן אַ פּיצל מורא. דער איינציקער וועמענס געדולד פון צייט צו צייט פלעג יאָ אָנגערייצט ווערן איבער מירעלעס ריזיקאַלישער שליחות איז געווען יאָסעלע. זיין האָפענונג איז ניט איין מאָל דערשראָקן געוואָרן ביז ער פלעג זי בשלום זען צוריק. ער האָט עפּעס אינסטינקטיוו דערפילט די פולע אַפּוטרופּסות איבער איר, די פליכט ווי פון אַ טאַטן, ברודער און אפשר נאָך נעענטער... אין משך פון פיר לאַנגע אויסגעצויגענע יאָר, האָבן זיי זיך ביידע אויסגעשיילט פון „קינדהייט” און איינגעפלאַנצט אין זייערע הערצער אַ טיפן ערנסט פון יידישן נאַציאָנאַל־באַוווּסטזיין, שטאָלץ און ווירדע.

אין וואַלד, צוזאַמען מיט די ביימער, גראָזן און בלומען, האָבן זיך אויך לייבעלע און מירעלע צעבליט געוואַקסן און אויסגעוואַקסן. זייער ביידע משפחות, דעם שוחט׳ס און דעם חזנ׳ס, זיינען אויף אַ ברוטאַלן אופן פאַרפייניקט געוואָרן

צום טויט און פון זייערע הייזער זיינען בלויז פאַרקוילטע רואינען פאַרבליבן.

דערשיטערט און צעטרייסלט פון גרוילהאַפטן חורבן, האָט מירעלע געליטן דערשלאָגנקייט: אירע אויגן האָבן זיך אָנגעגאָסן ווי צוויי פולע לאָגלען, גרייט אַרויסצובאָמבלען אַ פאַרפלייצונג פון לאַנג אָנגעזאַמלטע טרערן. לייבעלע האָט דאָס באַמערקט, זי אַרומגענומען און מיט צאַרטע בליקן זיך איינגעקלאַמערט אין אירע ווייכע אויגן, ווי ער וואָלט זיך פאַרמאָסטן אויסצושעפּן פון זיי דעם גאַנצן צער, און איר שטראָפנדיק געטרייסט:

— מירעלע, וויינען גאָר? טרערן זיינען אַ סימן פון שוואַכקייט און הכנעה, וואָס פירט אומגעשטערט צו אַ פאַרשוועכונג פון דער הייליקער שבועה, אונדזער יידישער קאַמף, — באַמערקט לייבעלע — האָט זיך נאָך ניט פאַרענדיקט און אפשר גאָר ערשט אָנגעפאַנגען. ביז איצט האָבן מיר געקעמפט פאַר דער באַפרייונג פון דער גאַנצער מענטשהייט און איצט דאַרפן מיר נאָך מיט מער עקשנות קעמפן פאַר דער באַפרייונג פון אונדזער פאָלק און פון אונדזער היים. דאָ האָבן מיר געקעמפט קעגן טויט און דאָרט, אין ארץ־ישראל, וועלן מיר קעמפן פאַרן לעבן...

פון לייבעלעס האַרץ האָט אַרויסגעברומקעט די „התקוה" און מירעלע האָט אונטערגעכאַפּט מיט דער פאַרטיזאַנישער „שבועה". די טענער פון ביידע הימנעס האָבן זיך געריינגלט און געקייטלט אין איין וואַריאַציע, פון וועלכער עס האָט געאָטעמט מיט געזונטן גייסט פון אויפלעבונג.

יאָסעלע און מירעלע האָבן געהייראַט ניט נאָר אויס הייסער סכנות־נפשותדיקער ליבע איינער צום צווייטן נאָר אויך בכדי ממשיך צו זיין דעם קיום פון ביידע משפחות, דעם שוחט׳ס און דעם חזנ׳ס. די צערפולע איבערלעבונגען פון די מלחמה־גרוילן האָבן איבערגעלאָזן אַ פרעמדקייט און פאַרגליווערטקייט צום גאַנצן אַרום. דער וועלט־געוויסן איז איינגעשלאָפן אין אַ לעטאַרגישן שלאָף, וואָס אַפילו די זעקס מיליאָן יידישע קרבנות קאָנען אים נישט דערוועקן. נישטאָ ווער ס׳זאָל אונדזער האָפענונג באַרעכטיקן. נאָך מער, דער גרעסטער פאַרס פון אונדזער צייט איז, וואָס אונדזערע באַשיצער זיינען גאָר אַליין געוואָרן די אָנגרייפער, די הייסע תלמידים, וועלכע האָבן איינגעזאַפּט היטלערס מעטאָדן פון קאָנצענ־טראַציע־ און אינטערניר־לאַגערן...

אין לייבעלען און אין מירעלען האָט זיך אויפסנייַ צעפלאַקערט דער פונק פון פאַרוווּנדעטן יידישן שטאָלץ צו קעמפן זייט ביי זייט מיט די קעמפער אין ארץ־ישראל. ווען זיי האָבן דערגרייכט קאָנסטאַנצע, האָבן זיי זיך ווי פיל אַנדערע פליטים באַזעצט אויף דעם סאַמע שויס פון האַפן — אַ שפּאַן נעענטער צום ציל. לויט אַ פאַרלעסלעכן קוואַל, האָט אַ שיף באַדאַרפט לאַנדן און אויפנעמען די אומגליקלעכע דירעקט קיין ארץ־ישראל. צווישן די קופקעלעך אַש, וואָס די יאָרן פון אומקום האָבן איבערגעלאָזן אין זייער נשמה, האָט נאָך געגליט אַ פונק פון האָפענונג און בלויז געוואַרט, אַז אימיצער זאָל אָנלויפן און פונאַנדערבלאָזן אַ ניי פייער...

אין דער שטילער טיפקייט פון אַ בלויער אָנהויב־זומער־נאַכט, באַגלייט פון אַ ווייטן שיין פון מילי־מיליאַסן שטערן, האָט די שיף אַ הייזעריקן קרעכץ געטאָן, זיך פאַרכלינעט מיט אַ זייל, צעפאַלדעוועטן רויט און פאַמעלעך, ווי „מעוברת", אונטער די טענער פון „התקוה", פאַרלאָזט די גלות־ברעגן. די ווייס־בלויע פאָן

האָט זיך געוויגט איבער די גאָלדענע יידישע אותיות, געווידמעט אין ליכטיקן אָנדענק פון דער טיכטיקער טוערין „העגריעטאַ סאָלד“, וועלכע האָט מקריב געווען דאָס שענסטע פון איר לעבן פאַר דעם אויפבוי פון איר לאַנד.

דער זיכער געדאַנק פון שווימען אַהיים, האָט ווי אַ באַלזאַם געגלעט און געהיילט די צעבראָכענע געמיטער. אַ שטילע פרייד האָט זיך אויסגעשפרייט אויף די אויסגעצערטע פנימער און געריייניקט דעם צער פון חורבן־קנייטשן. די דערהויבענע שטימונג, וואָס וואַקסט אַרויס פון גליק איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איין שטיק פון אומצעשטערטער אחדות און ברידערלעכקייט: פרעמדע פרויען זיינען געוואָרן מאַמעס צו עלנדע יתומים, מענער — טאַטעס צו פרעמדע קינדער און זקנים וזקנות — זיידעס און באָבעס צו יעדן.

גליקלעכער פון אַלע האָבן זיך דערפילט לייבעלע און מירעלע: זיי פירן אַ ציטעריקע מתּנה קיין ארץ־ישראל — אַן אוצר, וואָס ליגט אָפּגעהיט אונטער מירעלעס האַרץ... דאָס איז דאָך די פאַרקערפּערונג פון ביידע אומגעקומענע משפחות און איבערהויפּט אַ נייעם עולה פאַרן יידישן פאָלק... זיי האָבן אויסגערעכנט, אַז כּונקט, ווען זיי בשלום לאַנדן, זאָל דער אוצר דערשיינען אויף דער הייליקער ערד...

געדאַכט האָט זיך, אַז די שיף גייט אויס שמונה־עשרי טריט, ווייל דורך די ליכטיקע טעג האָט זי זיך געהאַלטן ווייט אַוועק צווישן די ריזיקע כוואַליעס, אוימיידנדיק אַ בייז אויג... אָבער דורך די שטילע נעכט האָט זי זיך אַנטפלעקט פון איר באַהעלטעניש אין איר פולן מאַיעסטעטישן פּראַכט. די שיף האָט זיך געוויגט אויף די באַזילבערטע ברוסטפולע כוואַליעס און זיי ווי וואַלפיש געשלונגען און צוריק אויסגעשפּיגן. דורך אַזעלכע צויבער־נעכט איז די ווייס־בלויע פאָן קעגן דער לבנה געווען נאָך ווייסער און נאָך בלויער — אַ צוזאַמענשטעל פון אַ פאַס טונקל־בלויען הימל און זילבערן לבנה־שיין. אויפן גאָר ווייטן האָריזאָנט האָבן גאָר שעלמיש געפינקלט עלעקטריש'ע לעמפלעך ווי שטערנדלעך. לייכטע ווינטלעך שוועבן אַרום פאַרטראַכט, לויפן אָן ווי די טויב מיטן איילבירט־בלעטל און לאָדן־אויס מחיהדיקע רויע זאַטקייט פון דער מאַמע־ערד. די עלנטע האָבן זיך שוין מיט זיסער איילעניש געגרייט צום אויסשטייגן, ווען פּלוצים, פון דער העלער הויט, האָט אַ שאַל געטאָן אַ סירענע, וואָס האָט זיך בליץ־שנעל געשלענגלט ווי אַ שלשלת, אין דעם טיפן חלל און אַרויסגערופן די בייזע נאַכט־גייסטער פון טרעבלינקע, מאַידאַנעק און אָשוויענטשים... די שטילקייט איז צעריסן געוואָרן און דער ים האָט זיך אַ בייזער געטאָן. די שיף איז געבליבן שטיין אומבאַוועגלעך, ווי פאַראַנקערט פון אַ שטאָלענער האַנט. צווישן די אומגליקלעכע איז געוואָרן אַ בהלה, אַ גאַליקער געיאָמער. אַ בלאָקאַדע פון שיפן, געפירט פון אַ געפאַנצערטן צעשטערער, האָבן ווי די מלאכי־חבלה אַרומגערינגלט די פּליטים־שיף, אַרויס־לאָזנדיק זיך אין אַ ווילדן קאַדריל, ווי אינדיאַנער אין די אַריזאָנער סטעפּעס מיט פייל און בויגן אַרום אַן אומבאַשיצטער בויד פון ווייסע מענטשן־אַוואַנטוריסטן. אין איין הרף־עין זיינען אויסגעוואַקסן אַ פּאָר בריטישע באַאַמטע, באַגלייט פון באַוואָפנטע מאַטראָסן. זייערע אַסקעטיש־געשניצטע פנימער, אויסגעקנאָטן אין בייזער שטרענגקייט האָבן נאָך פיל טאַפּעניש און זוכעניש דערקלערט, אַז זייער גנעדיקע רעגירונג דערלויבט ניט די אומלעגאַלע אימיגראַנטן צו לאַנדן אויף

זייער ערד, און אַז זיי וועלן אויף ענגלישע טראַנספּאָרט־שיפן דעפּאָרטירט ווערן קיין ציפּערן, ווייל „זיין מאַיעסטעט" האָט פאַר דעם צוועק אויפגעשטעלט אינ־טערניר־לאַגערן...

די בייזע בשורה האָט געטראָפן די אומגליקלעכע ווי מיט פייערדיקע ריטער. דאָס וויינען און קלאָגן האָט ניט ווייכער געמאַכט די הערצער פון די באַאַמטע, וועמענס גרויזאַמע באַנעמונג צו די פאַרפייניקטע האָט פעסטגעשטעלט, אַז אין ענין טעראָריזם, דעספּאָטיזם און הפקרות, זיינען עטלי און בעווין ניט הינטער־שטעליק לגבי היטלער און געבעלס. אַפילו די אויסגעברענטע, טאַטואירטע בראַנד־צייכנס אויף זייערע אויסגעמאָגערטע שטעקלעך־אָרעמס האָט ניט גערירט זייער פאַרגליווערטע געוויסנלאָזיקייט. צוויי טראַנספּאָרט־שיפן פון וואָלקן־קאָליר זיינען געשטאַנען מיט אָפענע מיילער און מיט דראָט־שטעכיקע ציין גרייט אַריינצושלינגען די פאַרפייניקטע יידן פאַר דעפּאָרטאַציע צום נייעם גהינום: אינזל ציפּערן...

אויף אַ האַרטן שטרויענעם מאַטראַץ האָט זיך מירעלעס גוף געקנוילט אין אַנגסטן, און אירע אויגן, אין וועלכע עס האָט געפלאַקערט אַ קאַלט פייערל, זיינען געווען פאַרצויגן אין דינע שפּעלטעלעך, ווי זי וואָלט מורא געהאַט זיך צו באַהעפטן מיט דער שרעקלעכער ווירקלעכקייט. זי האָט זיך דערפילט געפלעפט און פאַרשעמט פון דער פרעכקייט פון די בריטישע אָנגעשטעלטע, וועלכע האָבן פאַראומווירדיקט און אָנגעגריפן אין איר נשמה דאָס סאַמע יאָדערדיקע — דעם אוצר, וואָס זי האָט מיט אַזוי פיל צערטלעכקייט געפינגערט אונטער איר האַרץ, האָט איצט אָנגעווירן זיין גלאַנץ, פאַרלוירן זיין ווערט און איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרויסן, שווערן שטיין, וואָס זי וואָלט מיט אירע אייגענע הענט פון איר מוטער־טראַכט אַרויסגעריסן... די נעכטיקע זיסע חלומות פון באַרייכערן איר פאָלק מיט אַ נייעם אַריינקומער אויף זיין אייגענער ערד, זיינען צעשטויבט געוואָרן הינטער דעם קנאַפּל פון די פאַשיסטישע מעטאָדן. דער שרעקלעכער געדאַנק פון ווערן אַ מאַמע צו איר אומשולדיק עופ׳עלע אויף אַ פרעמדער ערד.

לייבעלע האָט באַזעסן אַ פעסטן געפיל און אַ ביסעלע בטחון. ער האָט זיך איבערגעבויגן איבער מירעלען און געקושט אירע פייכטע אויגן. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דער נאָמען „ציפּערן", וווהין זיי ווערן איצט געפירט אָפּצוריכטן אַ נייעם גלות, האָט זיך אַריינגעריסן אין איר מוח, אויסגעלאָשן די ליכטיקע טרוימען און געמאַכט פינצטער ווי אין אַ קאָנצענטראַציע־נאַכט. ער האָט דער־שפּירט דעם דרינגדן מאָמענט פון לאָזן פאַלן אַ פּאָר טרייסט־ווערטער, אַפילו ער זאָל דאַרפן באַצאָלן דורך דערהויבן די חשיבות פון ציפּערן...

ניט מיט זיין אייגענעם חשק, נאָר ווי געפירט בלינד פון אַ פאַרהוילענער קראַפט, האָט יאָסעלע אָנגעפאַנגען שטאַמלענדיק, ווי מיט אומזיכערע טריט, אויף אַ ווילד־פאַרוואַקסענעם וועג מיט דערנער:

— מירעלע — האָט זיך זיין שטים געשטיקט, — מיר טאָרן ניט באַהערשט ווערן פון פאַרצווייפלונג. מיר האָבן שוין איבערגעלעבט בייזערע מאָמענטן. אמת, מיר האָבן געהאָפט, אַז דאָס איז שוין דער לעצטער עטאַפּ, אָבער דער גורל האָט געוואָלט מיר זאָלן נאָך אַ ביסל נע־ונדן. מיר האָבן באַזיגט היטלערס פאַשיזם, מיר וועלן אויך די איצטיקע קרעציקע פלאָג באַזיגן.

— אייגנטלעך — מאַכט יאָסעלע דעם אָנשטעל, — זיינען מיר געשיכטלעך



מיין איינקל אַניטאַ

ענג פאַרבונדן מיט ציפּערן, וואָס ציט נאָך דעם פּאָדעם פון פאַרן חורבן בית־ראשון. אין יענעם אַלטערטום זיינען פאַרצייכנט געוואָרן ליכטיקע מאָמענטן, ווען דאָס יידישע פאָלק, פּונקט ווי איצט, האָט געקעמפט קעגן די אַמאָליקע מאַכטהאָבערישע מלוכות. און זעכצנטן יאָרהונדערט האָט אַפילו אַ ייד, דון יוסף הנשיא, געזאָלט געקרוינט ווערן אַלס קעניג איבער דעם אינזל...

ווער ווייסט צו וועלכער הויכער שטופע די שבחים וועגן ציפּערן וואָלטן דערגרייכט, ווען ניט מירעלעס שווערע קרעכצן, אַן אָנזאָג אויף גרויסע ווייען, וואָלטן אים ניט צוריקגעצויגן פון דער זייפן־בלאָזיקער באַגייסטערונג... ווען די ברומנדע כוואַליעס האָבן אַריינגעפירט די שיף אין דעם קויטיקן האַפן, האָט זיך אויפן דעק געצאַפּלט אַ האַרץ פון אַ יונגער מוטער. אַ חלף־דין קול/כל פון אַ ניי־געבוירן קינד האָט ווי אַ שפּיז דורכגעשניטן די פאַרגליווערטע שטילקייט און דאָס אינזל האָט אַ ציטער געטאָן.

מירעלע איז געלעגן באַוועגלאָז. אירע אויגן האָבן געצונדן נקמה־פונקען און אירע בלאַסע ליפּן האָבן כעסדיק געפּרעפּלט:

— דער טאָג פון רעכנשאַפט וועט נאָך קומען! ענגלאַנד וועסט טייער באַצאָלן!...

## אַלץ דערמאָנט זיך

עלטער, עלטער מיינע יאָרן —
אַן אָפּגעלעבטע פאַרדאַרטע בלום;
וואָס פון מיין אויפטו איז געוואָרן,
עס ברעכן מיינע ליפּן שטום.

עלטער, עלטער מיינע יאָרן —
אָפּגעבראָכן ווי צווייג פון בוים;
שיינע ווערטער האָב פאַרלאָרן —
פריסטע לידער, געדענק איך קוים.

עלטער, עלטער מיינע יאָרן —
יוגנט שמייכלט מיר אין זינען;
די בלאָנדע האָר איז גרוי געוואָרן,
מיין פאַרגאַנגענהייט טוט זיך שפּינען;

אַליין, אַליין שוין פילע יאָרן —
וועל שטאַרבן קיינער וועט ניט וויסן.
שטורמיש לעבן בליט אין זכרון;
אַלץ דערמאָנט זיך — טרערן פליסן...

## אַלט און עלנט מיד

אָ פרייער פויגל זינג פאַר מיר:
נו, צוויסטער אויס דיין ליד;
צו־העל פאַר מיר מיין אָוונט־שעה,
איך בין פוןליידן מיד.

זינג אויס דאָס ליד פון בלעטער רויט
געשליידערט פון דעם ווינט;
זינג אויס דאָס ליד פון וואַלד און פעלד,
פון בוים, וואָס אייביק גרינט...

דאָס ליד פון יוגנט זינג מיר אויס,
(די צייט — זי וואַרט ניט לאַנג...)
ס׳וועט מאַכן גרינג מיין שווער געמיט
דיין געטלעכער געזאַנג.
אָ פרייער פויגל, זינג מיר אויס —
צעטרעלן זאָל דיין ליד;
צעהעל פאַר מיר מיין אָוונט־שעה,
איך בין פון עלנט — מיד!...

## פאָלקס-ליד

מיינסט אַז איך האָב דיר פאַרגעסן ?
אַוועק שוין אַ האַלבן יאָר־הונדערט ;
ווי אַ וואָרעם, אַמאָל טוט עס פרעסן —
עד ־ היום פיל מאָל זיך וווּנדער :

אַלעמען האָב איך פאַרגעסן,
נאָר איינע, דיך, קאָן איך ניט : —
ביזט אין האַרץ ביי מיר איינגעגעסן,
ווו איך שטיי, ביזטו אין דער מיט.

שוין יאָרן, יאָרן לאַנגע פאַרגאַנגען,
האָב שוין אוראייניקלעך — אַ צינד.
נאָר מיין אמתר — פאַרלאַנגען — איז —
צו ליידן פאַר מיין אייגענער — זינד !...

## ליידנדע ווערטער

צו־ווייטאָגדיקע, ליידנדע ווערטער,
ריידן פון דיר אַרויס.
עס דערמאָנט זיך דער לעבן צעשטערטער :
אוי וויי — דער ווייטיק ווי גרויס.

אַט דאָ איז געווען אַ גאָרטן
און דאָרטן אַ פריילעכע שטוב;
אַרום שטוב בלומען פיל סאָרטן,
ביים זייט אַ פאַרשאָטענער גרוב —

ליגט דאָרט — טאַטע, מאַמע, זעקס קינדער,
אָן עופעלע זעקס וואָכן אַלט :
צעשאָסן, צעקוילעט, ווי — רינדער
פון אַ צוויי פיסיקע רוצח־געשטאַלט.

אָן תכריכים, אָן טלית באַדעקט
מיט שיך, פאַרבלוטיקטע — קליידער —
ווען זייער בלוט האָט די ערד נאָך געלעקט,
האָט דער רידל געשאָטן כסדר.

דאָרט אין דער פריילעכער שטוב,
געלעבט האָט מיין טייערע שוועסטער —
איצט ליגן זיי אַלע אין איין גרוב
פון היטלער, פון המן׳ס — דער גרעסטער...

1946



אבא גאָרדין



משה נאַדיר



דוד בן־גוריון (50 יאָר אַלט)

## צו ל. ב.

די יאָרן, וואָס זיינען געווען פאַר אונדז,
ווי צוויי נאָענטסטע דורך צייטן געוואַקסן.
געזען האָבן מיר זיך מיט (פרילינג) יאָרן —
דורך געפאַרן און כלרליי שלאַקסן.

מיר האָבן זיך פאַרשטאַנען, איינער דעם צווייטן.
גע׳עצהט, געכקירהט, מיט איראָנישע ווערטער —
האַלב ברוגז — און, גלייך פאַרשוווּנדן, פאַרגעסן;
ווידער מיר זיצן אויף די זעלביקע ערטער...

מיר האָבן געטראָגן אַ הויפן עקשנות,
מיט פייליקע ווערטער געפאָכטן.
זיך שלום געגעבן און טיי גלייך געטרונקען
און ווידער געדאַנקען געפלאָכטן...

1956

## עס לאָזט זיך נישט פאַרגעסן

עס ווילט זיך נישט פאַרגעסן,
כאָטש עס שניידט דער וויי.
ווי אַ וואָרעם טוט עס פרעסן,
ווען איך דיינק פון זיי.

עס לאָזט זיך נישט פאַרגעסן ,
ווען איך וואַך און שלאָף,
ווי כ׳וואָלט פון גאָט געווען —
געשטראָפט מיט אַזאַ שטראָף...

עס שטייען מיר אַ קעגן,
סקעלעטן אין מיין שטוב;
אַלע, פון מיין משפחה;
מיט לעכער אויגן פרעגן:
ווו איז אונדזער גרוב?...

מיר זיינען אש־מיקראָבן
און סקעלעטן איינגעשטעלט;
מען האָט אונדז ניט באַגראָבן;
מיר שוועבן אין דער וועלט...

שוועבן, פון ווינט געטריבן
פון רעגן צו דער ערד.
אַזוי האָב איך פאַרשריבן,
ווי איך וואָלט פון זיי געהערט...

## מיין שמחה לאַנג האָב איך פאַרלאָרן

מיינע לידער, מיינע לידער,
אומעטיקע טענער
לייען איך זיי, ווידער ווידער, —
מאַכן פריילעכער און שענער.

ווי קאָן איך פריילעכער זיי מאַכן ?
ווען דער אומעט דריקט מיך :
קאָן איך זיך דען מאַכן לאַכן ?
ווען די טרערן שטיקט מיך.

הוסט איך אונטער, טו אַ קראַץ זיך —
טו אַ שטעל זיך מיט קוראַזש
און אין שטערן טו אַ פּאַטש זיך —
ביז דערפיל אַ ווייטיק אַזש.

שווינדל'ט אזש אין קאָפּ דער קלאַפּ מיר
טראַכט איך: נאַרעשער, אַלטער מאַן
און מיטביידע הענט — קאָפּ טאַפּ מיר —
דעם ווייַ פאַרטומל'ען, שפּאַן און שפּאַן...

האָב איך שטאַרק אויף זיך רכמנות :
אָפּגעלעבט אַזוי פיל יאָרן —
מוז איך זאָגן בנאמנות —
מיין שמחה לאַנג האָב איך פאַרלאָרן !...

## עפּיגראַמען

ס'טרעפט אַ נאַריש וואָרט — קומט פון קלוגן
און פון א נאַר אַ קלוגן וואָרט :
ווערט מען אויספּשטלען, אַז דער קלוגער,
האָט דעם אויבן אָרט...

דער דענקער זוכט קיין רייכטום נישט,
ער נאָר חכמה זוכט.
געפינט ער נאָר אַ חכמה וואָרט —
די רייכסטע זאַך אים דוכט.

בלומען פון שלעכטעס וואַקסן גיכער,
זיי האָבן פיל רייצענדע פאַרבן.
דער טייפל גייט אַרום — זיכער —
דעם ערלעכסטן מענטשן פאַרדאָרבן.

# אינהאַלט



## איבערזעצונגען

### לידער פון האַרץ



### אינזיכיסטישע לידער



### אינהאַלט פון סקולפּטורן בילדער

## ביכער ביז איצט דערשינענע פון דיימאַנדשטיין

**ל י ד ע ר :**

„הערבסט בלומען״ ; — „טאָג און נאַכט״.
„קינדער לידער״ ; — „לא תרצח״.
„זאַנגען פון מיין פעלד״ ; — „ערשטע טריט״.
„פאַבלען״ ; — אַנטאָלאָגיע פון ענגלישע פּאָעזיע״.
„סאָנעטן״ ; — „דואַליזם״ ; — „בלעטער פון מיין גאָרטן״.
„לידער און דערציילונגען״.
„פון פריסטן פרילינג ביזן שפּעטסטן ווינטער״

**ר אָ מ אַ נ ע ן :**

„ווּלקאַנען אינזל״ ; „רוף אין זיך״.
„איבער אונדזער קראַפט״ ; — „קעגן שטראָם״.
„ווילנע״ ; — אַמעריקע״.
„געזאַמלטע שריפטן״ ; „נייע שריפטן״.
„עסייען״ — 3־טער באַנד.

**ד ר אַ מ ע ס :**

„אַניוטאַ און סאַלאָמאָן״ — אַ טראַגעדיע אין 4 אַקטן.
„נייע וועלטן״ ; — 4 איינאַקטערס.
„כוח פון ליבע״ ; — „פאַרלאָזענער זיג״.
„אין די שטורעם־טעג״ — אין 4 אַקטן.
9 איינאַקטערס — באַנד 1.
12 איינאַקטערס, באַנד 2; דריי טראַגעדיעס, באַנד 3.
13 איינאַקטערס — באַנד 4
„דאָס האָט געטראָפן אין ניו־יאָרק״.
אַ טראַגעדיע אין 9 בילדער.

**ה ע ב ר ע א י ש ע  ב י ל ד ע ר :**

„אי געש״ ; — „עשר דרמות ; — „עלים מגני״.

**BOOKS IN ENGLISH**

"CALL WITHIN" — "BEYOND HUMAN POWER" —
"EIGHT SHORT PLAYS" — "SONNETS" —
"FABLES" — "LEAVES FROM MY ALBUM" —
"YOCKEL MELAMED" — "PROPHET" —
"DUALISM" — "IT HAPPENED IN NEW YORK" —
"UTOPIA" — "UP STREAM" — "PLAYS".
"POEMS", RECEIVED INT. MARK TWAIN, AWARD.